ש. ז. שרגאי

# יידישע ימים טובים

## פורים — פסח

פאַרלאַג „אונזער וועג", פאַריז

פונעם זעלבן מחבר זיינען דערשינען
אין פאַרלאַג „אונזער וועג":

1) דער יידישער שבת

2) וואהין ?

3) יידישע שמועסן

אין צוגרייטונג :

„ימים נוראים"

# אינהאַלט:

# הקדמה צו די
# „יידישע ימים טובים"

„דבר אל בני ישראל ואמרת אליהם מועדי ד׳, אשר תקראו אתם מקראי קדש, אלה הם מועדי״

(ויקרא כג, ב)

„אלה מועדי ד׳, מקראי קדש אשר תקראו אותם במועדם"

ויקרא כג, ד׳

„ושמחת בחגך"

(דברים טז. יד)

„אלה מועדי ד׳, מקראי קדש אשר תקראו אתם" — „בין בזמנן בין שלא בזמנן"

(ראש השנה כ״ה)

„קדוש לעולם קיים"

(סנהדרין צב)

„החדש הזה לכם ראש חדשים"

(שמות יב, ב)

„החדש הזה לכם ראש חדשים" — מכאן ואילך יהיו חדשים שלכם לעשות בהם כרצונכם"

(ספורנו)

„ראשון הוא לכם לחדשי השנה" (שם) — „כי בו התחיל מציאותכם הבחירי״

(ספורנו)

דער רבונו של עולם האָט באַשטימט די יידישע ימים טובים און האָט באַשטימט זייער צייט מיט דעם באַשטימען ראש־חודש ניסן אַלס דעם אָנהויב, לויט וועלכן מען ציילט דער ערשטער חודש פון יאָר, דער צווייטער א. א. וו. ראש־חודש ניסן איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער חודש, לויט וועלכן מען ציילט און מען באַשטימט אַלע ימים טובים — ווייל אין חודש ניסן פאַלט אויס דער יום־טוב פסח, דער חג החרות אין וועלכן דאָס יידישע פאָלק איז געוואָרן א באַפרייט פאָלק און געוואָרן צוגע־גרייט צו ווערן דער „עם סגולה", „ממלכת כהנים וגוי קדוש" ביים הר־סיני, דורך מתן תורה און קבלת התורה.

נאָכדעם ווי דער רבונו של עולם האָט באַשטימט, ווער זיינען די יידישע ימים טובים; וואָס זיינען די יידישע ימים טובים; וואָס איז זייער אינהאַלט; וואָס פאָדערן זיי פון אונז און וואָס לערנען זיי אונז — האָט דער רבונו של עולם איבער־געגעבן זייער ענדגילטיקע צייט־באַשטימונג צום בית־דין דורך קידוש החודש, און דער רבונו של עולם פאַרלאָזט זיך אויפן בית־דין „בין בזמנן, בין שלא בזמנן". אפילו ווען זיי מאַכן אמאָל א טעות, אפילו ווען מען איז מכשיל במזיד דעם בית־דין, אפילו ווען צוליב פאַרשידענע סיבות פון הוראות־שעה, מאַכן זיי אַנ־דערש בכוונה, כדי אָפּצוהיטן די „מועדי ד'", ווי דער רבונו של עולם האָט זיי גענאָגט: „אלה הם מועדי", דאָס זיינען מיינע ימים טובים; דאָס זיינען די צייטן (מועדי), וועלכע איך האָב באַשטימט זיי צו באַשטימען סופית דורך אייך.

עס איז נישט גענוג וואָס דער רבונו של עולם האָט באַ־שטימט די ימים טובים און זייער צייט — דער רבונו של עולם זאָגט צו די יידן, זיי זאָלן אויף זיך נעמען די ימים טובים מתוך

בחירה, מתוך רצון „אשר תקראו אתם", איר, דורכן בית־דין, זאָלט זיי באַשטימען און אויף זיך מקבל זיין דורך דעם באַשטימען ווען עס געפאַלט ראש־חודש.

ראש־חודש איז אַ יום־טוב (וואָס לײדער ווערט ער פאַרגעסן), ווייל ער איז די ערשטע מצווה פון וועלכער עס ציט זיך די בחירה „אשר תקראו אתם" („אל תקראו אותם אלא אתם" — ראש השנה כ"ה), פון מקבל זיין און באַשטימען די יידישע ימים־טובים. אָבער דאָס באַשטימען דאַרף זיין אויפן יסוד פון „מועדי ד'".

אַזעלכע ימים טובים וועלכע ווערן באַשטימט דורך יידן אויפן יסוד פון מועדי ד', זיינען „מקראי קדש" און „קדוש לעולם קיים". ביי אַזעלכע ימים טובים איז „ושמחת בחגך". שמחה, נישט בלויז אַלס צולאָג צו עפּעס, נאָר „והיית אך שמח", בלויז שמחה. שמחה מיטן רבונו של עולם, שמחה מיט דער תורה, מיט די מצוות, מיט ארץ־ישראל, מיט דער גאַנצער בריאה און מיט זיך אַליין. אַלץ זאָגט שירה. נישט בלויז „אז" לשעבר ביי יציאת מצרים, נאָר אויך „אז" לעתיד, ווען דאָס משיח־ליכט הויבט אָן לייכטן און מען הערט שוין די פּעמי משיח.

ימים טובים וועלכע מען וויל זיי אויסלײדיקן פון זייער יידישע טעם, אַרויסנעמען זיי פון די מועדי ד', זיי פאַרוואַנדלען אין חגאות להבדיל, ווי ביי די גויים, אַזעלכע ימים טובים אפילו ווען מען לאָזט זיי איבער די יידישע נעמען, האָבן נישט קיין יידישן טעם (זע : „טעם של פּסח"). אַזעלכע ימים־טובים האָבן נישט קיין קיום, זיי האָבן נישט אין זיך קיין קדושה און זיינען נישט אייביק.



אויך דער יום העצמאות פון דער ווידער־באפרייאונג פון מלכות ישראל תש"ח, וועט בלייבן אייביק און נישט פארנעסן ווערן נאָך דער הייליקער אינהאלט וואָס די רבנות הראשית האָט באַשטימט: כסות־נקייה, נ־ות, סעודת יום־טוב, תפילות א. א. וו. דאָס אַלע איבעריקע, וואָכעדיקע האָט שוין היינט קיין קיום נישט. מען פּרווט אַלע טאָג ענדערן דעם אינהאַלט, מען געפינט נישט קיין סיפוק, קיין אינהאַלט אין דעם גויאישן נאָכגעמאַכטן יום העצמאות, ווייל ער האָט נישט אין זיך קיין קדושה און נאָר „קדוש לעולם קיים"...



די „יידישע ימים טובים" וואָס „אונזער וועג" גיט איצט דעם לייענער מיט דער הילף פון ר' נחמן סאקאל — יושב־ראש המזרחי והפועל המזרחי אין טאָראָנטאָ, פּרווט באַלייכטן די יידישע ימים טובים פון זייער הייליקן אינהאַלט, פון „מועדי ד'" אינהאַלט, פון דעם איינציקן תוכן זייערן: „וידבר ד' אל משה לאמר" (ויקרא כג, א): „דבר אל בני ישראל ואמרת אליהם מועדי ד'".

יהי רצון, אז דער יידישער, ג־טלעכער הייליקער אינהאַלט פון די יידישע ימים טובים זאָל אַריינדרינגען אין די יידישע הערצער און אַריינברענגען קדושה אין די יידישע הייזער. דאַן וועלן יידישע הייזער זיין פול מיט שמחת יום־טוב און קענען מקיים זיין: ושמחת בחגך, והיית אך שמח!

**שז"ש**

ירושלים הגאולה, ניסן תש"ל.

## פאַרשטעלטע...
## (לכבוד פורים)

פורים איז אַ מנהג זיך צו פאַרשטעלן, בבחינת „ונהפוך הוא". קינדער טוען אָן קליידער פון עלטערע. מענער — פרויען־קליידער א. א. וו. אמת, אַז עס זיינען געווען גדולים, וואָס האָבן מקטרג געווען אויף דעם מנהג, אָבער דער רמ"א און אַנדערע האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ גוטן מנהג, כאָטש אַלע האָבן אונ־טערגעשטראָכן, אַז מען דאַרף שטענדיק געדענקען נישט איבערצו־כאַפּן די מאָס, ווייל וואָס צופיל איז נישט געזונט...

און מנהג ישראל תורה היא, האָט מען אויך אין דעם מנהג פון פאַרשטעלן זיך געזען תורה, הדרכה פאַר דעם מענטשנס פירונג, אָפּצולערנען עפּעס פון דעם מנהג.



פאַרשטעלן זיך, אָנטאָן מאַסקעס, איז נאָר „חיצוניות". אין פנימיות איז דאָך דער פאַרשטעלטער גאָר אַן אַנדערער. דער אמתער איך קומט דאָך נישט צום אויסדרוק אינעם חיצוניות. דאָס פנימיות איז באַהאַלטן ערגעץ ווו אַנדערש, טיף אין הארצן, טיף אין דער נשמה. דעריבער דאַרף מען נישט אָפּלערנען פון דעם חיצוניות

פון מענטש אויף דעם אמתן איך זיינעם, אויף דעם מענטשנס פנימיות. „אל תבט אל מראהו"...

עס איז אויך א לימוד פאר אלע נישט צו משפטן דעם מענטש לויט זיין אויסערלעכן אויסזען. עס איז אויך א לימוד פאר יעדן מענטש פאר זיך אז ער זאל זוכן ביי זיך די נקודה פנימית, זוכן דעם אייגענעם איך. ער זאל נישט מיינען, אז זיין איך איז אין דעם „נאכטאן" אנדערע. דער מענטש דארף גע־דענקען, אז ער מוז נישט מיטגיין מיטן שטראם דווקא, אויב דאס איז נישט זיין אינערלעכער טיפער נשמהדיקער שטראם. מיטגיין מיטן שטראם הייסט: אלע טוען דאך אזוי; אזוי איז די וועלט — דאס הייסט אנטאן א מאסקע, זיך פארשטעלן, זיך מאכן פאר א קאליקע, נישט זיין דאס וואס מען איז...

דעריבער זאגט מען: היינט איז פורים — מארגן אוים. און מען דארף אראפוואַרפן פון זיך די מאסקע, דאס פרעמדע, דאס נישט אייגענע. דעריבער זאגט מען אויף יום־כפורים, „אזוי ווי פורים". כ־פורים, אזוי ווי פורים איז דאס פארשטעלטע נישט דאס אייגענע — אזוי יום־כיפור דארף מען פון זיך אראפוואַרפן דאס חיצוניות און אויפהערן זיין פארשטעלט.



דאס איז געזאגט צו דעם יחיד, דאס איז אויך געמיינט דעם רבים, דאס פאלק.

נישט בלויז א יחיד קען ווערן א קאליקע, ווען ער פארגעסט זיך, ווען ער פארגעסט זיין אייגענעם איך און וויל נאכטאן אנ־דערע, ביז ער הויבט אן צו מיינען, אז ער איז טאקע אן אנדערער.

אזוי ווי די חז"ל זאָגן אונז, אַז איינער מאַכט זיך, פֿאַרשטעלט זיך, פֿאַר אַ בעל־מום, גייט ער נישט אַוועק פֿון דער וועלט ביז ער ווערט אַ בעל־מום — אַזוי אויך אַ פֿאָלק קען ווערן אַ בעל־מום, ווען עס פֿאַרגעסט זיך און וויל ווערן אַן אַנדערער, וויל נאָכמאַן אַנדערע. און נישט בלויז אַז אַזאַ פֿאָלק ווערט אַ בעל־מום ביז עס הערט אויף צו עקזיסטירן, נאָר די אַנדערע, וועלכע ער וויל זיי נאָכמאַכן, ווערן אים שונאים און רודפֿן אים. קיינער האָט נישט ליב, אַז מען מאַכט אים נאָך...



דאָס זעלבע איז געווען אויך אין די צייטן פֿון יענעם היס־טאָרישן פּורים אין די צייטן פֿון אחשורושן:

יידן האָבן געוואָלט ווייזן אחשורושן, אַז זיי קענען אויך עסן פֿון זיין סעודה, זיי זיינען נישט עמפּפֿינדלעך פֿאַר זייער יידיש־קייט, זיינען נישט מדקדק אין כשרות, און זיי האָבן זיך משמח געווען און געגעסן פֿון אחשורושס סעודות און זיך באַטייליקט אין זיינע אויסגעלאַסענע הוליאַנקעס. און פֿון טריפֿה עסן ביז זיך בוקן צו דעם טריפֿהנעם געץ איז נישט ווייט. בלויז ביי מרדכין שטייט „ומרדכי לא יכרע ולא ישתחוה". אַנדערע, ווייזט אויס, האָבן זיך געוואָלט אויספּיינערן פֿאַר המנען. און נישט בלויז דעם יידישן רעליגיעזן איך האָבן זיי פֿאַרלייקנט, נאָר אויך דעם נאַ־ציאָנאַלן איך. און ווען ביי די אחשוורוש־הוליאַנקעס האָט מען באַנוצט די כלים פֿון בית־המקדש, האָבן זיך די יידישע מיט־טענצער נישט אויפֿגעהויבן און פּראָטעסטירט, נאָר געלאָזט זיך שפּייען אין פּנים אריין, אויך אין נאַציאָנאַלן פּנים... ווייל אזוי

איז דער סדר: פאַרלאָזט מען דעם אמתדיקן רעליגיעזן איך, ווערט איבעריק אויך דער נאַציאָנאַלער איך.



המן האָט אָבער נישט געוואָלט דאָס „נאָכגעמאַכטע". ער האָט געוווּסט דעם יידישן אמת, אַז אַ ייד בלייבט אַ ייד, אפילו ווען ער ווערט מיטגעריסן מיטן גויאישן חיצוניות. אפילו ווען די חיצונים באַהערשן אים. המן האָט געוווּסט, אַז כל זמן עס איז דאָ אפילו נאָר איין ייד, וואָס איז „לא יכרע ולא ישתחוה", אי־דענטיפיצירן זיך אפילו די יידישע „נאָכגעמאַכטע גויים" מיט דעם איינעם מרדכי. און כאָטש לפנים זיינען זיי נישט צופרידן וואָס מרדכי שטערט זיי אין זייער נאָכגעמאַכטער גויאישקייט, זיינען זיי אָבער טיף אין דער נשמה, אין דעם פּינטעלע ייד, צופרידן, וואָס עס איז דאָ אַ מרדכי, וועלכער „לא יכרע ולא ישתחוה"...

המן טענהט דעריבער צו אחשורושן: „ישנו עם אחד מפזר ומפרד בין העמים, בכל מדינות מלכותך ודתיהם שונות מכל עם, ואת דתי המלך אינם עושים". המנס טענה איז: עס איז דאָ איין פאָלק. כאָטש עס איז צעשפּרייט און צעזייט אין אַלע דיינע מדינות, איז עס דאָך איין פאָלק, זייער דת איז אַנדערש פון דעם דת פון גאַנצן אחשוורוש־פאָלק, און אפילו ווען זיי, די יידן, עסן פון דיין טריפהנעם קעסל, טוען זיי נישט דאָס, ווייל זיי טוען דיין אחשוורושס דת, נאָר זיי מאַכן דאָס בלויז נאָך, אין האַרצן טיף זיינען זיי וויטער יידן. זיי באַהאַלטן נאָר זייער יידישקייט און פאַרשטעלן זיך אין זייער חיצוניות אַלס אחשוורוש, עס איז אַן „עם מרדכי", אַ מרדכי־פאָלק, אַ פאָלק, וואָס האָט אין זיך

מרדכים; וועלכע טיף אין דער נשמה איז „לא יכרע ולא ישתחוה".
דעריבער האָט ער געעצהט אחשוורושן „ולמלך אין שוה להניחם".
ווייל עס וועט גאָר נישט העלפֿן: אַ ייד בלייבט אַ ייד.



אָבער אויב אַ ייד בלייבט סיי ווי אַ ייד, און עס העלפֿט אים נישט קיין שום זאַך. ער קען נאָר זיך פֿאַרמאַסקירן פֿאַר אַ גוי, אָבער נישט מער — איז דאָך שוין גלייכער, ערלעכער, מענטשלעכער און יידישלעכער, ער זאָל זיין אַ ייד בגלוי, עפֿנטלעך, אַזוי ווי ער איז בסתר, אין דער טיפֿער באַהאַלטענער פֿאַרבאָרגעניש, אין דער נשמה; איז דאָך שוין גלייכער צו זיין אָפֿן פֿאַר זיך און פֿאַר דער גאַנצער וועלט, דאָס וואָס מען איז. און אויפֿהערן צו זיין „פּורים־שפּילער" מיט מאַסקעס, מיט פֿאַרשטעלן זיך אין פֿרעמדע קליידער, נאָכטאָן פֿרעמדע ווי מאַלפּעס...

און אפשר איז די גאַנצע טעאָריע פֿון „מאַלפּע־זיידעס" נישט מער ווי צו באַרעכטיקן, דאָס נישט וועלן לעבן דאָס אייגענע לעבן, נאָר נאָכטאָן, נאָכמאַכן אַנדערע. דאָס איז מאַלפּיזם...



אויך אין מדינת ישראל קומט היינט פֿאָר אַ פּורים־שפּיל מיט פֿאַרמאַסקירטע פֿרעמדע מאַסקעס, ווו מען איז גרייט צו זיין אַלץ, נאָר נישט וואָס מען איז — אַ ייד. מען איז גרייט צו זיין קאַליקעס אין געזעלשאַפֿטלעכן זין, ווי אויך אויף אַנדערע געביטן פֿון לעבן. כמעט אַז דאָס גאַנצע מלוכהשע לעבן

איז פרעמדס; אלץ טוט מען נאָך אנדערע. מען זוכט נישט צו געפינען דאָס יידישע, מלוכהשע לעבן ווי עס קומט צום אויסדרוק אין תורה שבכתב און אין תורה שבעל־פה. מען וויל גאָרנישט פרוון זוכן דאָס מלוכהשע לעבן, וואָס איז צוגעפאסט צו דער יידישער נאטור, צו דער יידישער נשמה; צו אזא מלוכהשן לעבנס־ארט, וועלכער זאָל ברענגען צום אויסדרוק דעם יידישן איינגנארט.

דעריבער האָבן מיר אזא פנים, א פארמאסקירט פנים, אויס־געשמירט מיט פרעמדער בלאָטע, און מיר מיינען, אז עס איז א גאנץ יאָר פורים. מיר דארפן אָבער געדענקען אז היינט איז פורים — מאָרגן אויס.

שוין די העכסטע צייט אראָפצווארפן פון אונזער פנים די פרעמדע מאסקעס, אויפהערן צו זיין פארשטעלט, פארמאסקירט און זאָל מען זען אונזער אמת־יידיש פנים.

היינט פורים, מאָרגן אויס...

# חרות און גאולה

## א.

חרות און גאולה, פרייהייט און אויסלייזונג, גייען צוזאַמען. מען קען נישט ווערן אויסגעלייזט כל זמן מען פילט נישט, אַז מען דאַרף האָבן פרייהייט. נאָר דער מענטש און דאָס פאָלק, וועלכע קענען נישט ליידן קיין עבדות, זיינען נישט משלים מיט עבדות, ווילן זיין בני־חורין, נאָר זיי זיינען זוכה צו דער גאולה.

חרות מיינט אָבער נישט בלויז זיך באַפרייען פון די צרות, וועלכע זיינען אַ רעזולטאַט פון שעבוד און עבדות. ווייל דאַן איז נישטאָ קיין האָפענונג, אַז דער מענטש אָדער דאָס פאָלק זאָלן זוכה זיין צו גאולה. דאַן, קוים באַפרייט מען זיך פון די צרות, קוים טוען די גויים נישט אָן צרות די יידן, פילן שוין נישט מער די יידן די נויטווענדיקייט פון גאולה. דאַן שטרעבט ער שוין נישט מער צו זיין אַ בן־חורין, ממילא פעלט אים נישט די גאולה. ער דאַרף נאָר האָבן די גאולה בלויז פאַר די יידן, וועלכע לעבן און מאַטערן זיך אין צרות. דאַן אפילו ווען די גאולה קומט, מאַכט זי נאָך נישט די יידן פאַר בני־חורין. העכסטנס העלפט זי די מענטשן זיך צו באַפרייען פון צרות, וואָס אַנדערע טוען אונז, אָבער דאָס העלפט נישט, אַז מיר זאָל נישט אַליין זיך אָנטאָן

צרות איינער דעם צווייטן. ווייל מיר זיינען נאָר באַפרייט געוואָרן פון די צרות פון אַנדערע, אָבער מיר זיינען נישט געוואָרן קיין בני־חורין...

דאָס קענען אונז דערקלערן צוויי דערשיינונגען אינעם יידישן לעבן פון אונזער תקופה:

א) פאַרוואָס יידן פון די לענדער, אין וועלכע מען טוט ווי, ב"ה, נישט אָן קיין צרות, זיינען נישט עולה קיין ארץ־ישראל, כאָטש דאָ קענען זיי זיין בני־חורין אין אונזער אייגענער זעלבסט־שטענדיקער מדינה, מדינת ישראל;

ב) פאַרוואָס אויך דאָ אין מדינת ישראל, וואָס איז לכל הדעות דער פּראָצעס פון דער יידישער גאולה: אתחלתא דגאולה, ראשית צמיחת הגאולה, תהליך הגאולה — וואָס אויך דאָ פירן מיר זיך נישט ווי אמתע בני־חורין אָן קנאה, אָן שנאה, אָן ווילן צו הערשן איבער אַנדערע א. א. וו.

דאָס ווייזט, אַז אונזערע אַלע אָנשטרענגונגען ווידער אויפ־צושטעלן מדינת ישראל, זיינען נישט געטראָגן געוואָרן אויף די פליגל פון דעם ווילן צו זיין בני־חורין און מקרב זיין די גאולה פאַר יעדן ייד דעם יחיד, און פאַר דעם גאַנצן פאָלק ישראל, נאָר מיר זיינען געוואָרן געשטויסן דערצו דורך דעם ווילן צו באַפרייען זיך פון אַנדערע, פון די צרות וואָס מיר האָבן געליטן אַלס יידן.

דאָס דערקלערט אויך, פאַרוואָס מיר נעמען־אויף די עולים אַזוי קאַלט, אָן דעם יידישן הייליקן פייער פון מצוות הכנסת אורחים אפילו; אָן דער שמחה ווי עלטערן דאַרפן אויפנעמען קינדער, וועלכע קומען צוריק אַהיים. מיר זעען נישט די נייע עולים

ווי שיבת בנים לגבולם ולגאולתם, נאָר ווי מענטשן, וואָס קומען זיך ראַטעווען פון צרות. ממילא וואָס מען טוט פאַר זיי, דאַרפן זיי זיך לאָזן באַגנוגענען. וואָלטן מיר אָבער געפילט, אַז די עולים קומען, ווייל זיי ווילן זיין בני־חורין, ווייל זיי לעכצן נאָך גאולה, וואָלטן מיר געוווּסט, אַז מיר דאַרפן זיי אַנדערש מקבל פנים זיין...

דעריבער יידן פון די לענדער, וווּ זיי האָבן נישט קיין צרות, איילן זיך נישט עולה צו זיין און די עולים פון די פרייע לענדער, וועלכע קומען אַהער, כדי דאָ צו ווערן בני־חורין, כדי דאָ צו פילן דעם טעם פון גאולה — ווערן אַנטוישט ביי זייער אָנקומען פון דעם קאַלטן קבלת־פנים וועלכן זיי באַקומען דאָ.

ב.

וואָס הייסט חרות? חרות הייסט, ווען דער מענטש פילט זיך אַלס בן־חורין און ער האָט די מעגלעכקייט פון בחירה. בחירה און חרות זיינען צוויי זייטן פון איין מטבע: דער מענטש אָדער דאָס פאָלק, וועלכער קען לעבן זיין אייגנאַרטיק לעבן לויט זיין אייגענעם איך, נישט אונטערן איינפלוס פון אויסערלעכע פאַק־טאָרן, וועלכע צווינגען אים צו לעבן ווי זיי דיקטירן אים, און נישט אונטערן איינפלוס פון אַרומיקן לעבן, וואָס איז קעגן זיין אינערלעכן איך. אָט דער מענטש, דאָס פאָלק, האָט בחירה, דער מענטש, דאָס פאָלק זיינען בני־חורין.

דער אָבער, וואָס ער דאַרף זיין לעבן צופּאַסן צו דער אַרו־מיקער סביבה, כאָטש דאָס איז אין קעגנזאַץ צו זיין איך, דער האָט נישט קיין בחירה, ממילא איז ער נישט קיין בן־חורין. דער ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן עבד, אַ שקלאַף, אפילו ווען ער טוט

עס מכלומרשט פון אייגענעם ווילן. ווייל דער „אייגענער" ווילן איז נישט קיין אינערלעכער נשמהדיקער ווילן, קיין בחירהדיקער ווילן, נאָר אַן אויסערלעכער ווילן, א „בחירה" צוליב אויסערלעכע סיבות, אָדער ווי יודעי־חן רופן עס: ער איז געפאַנגען דורך די „חיצונים"... אָדער ער ווערט א קוף (א מאַלפּע), טוט נאָך...

אזא מענטש, אזא פאָלק קען העכסטנס זוכה זיין זיך צו באַפרייען פון צרות, אָבער קען נישט זוכה זיין צו קיין גאולה.

ג.

„דע את עצמך!" דאָס איז איינער פון די לייט־מאָטיוון אין חסידות און אין מוסר. דאָס הייסט: קען דיין עצמיות, דיין אייגנאַרטיקייט. מיט עסן, טרינקען, שלאָפן א. א. וו. זיינען אַלע מענטשן און אַלע פעלקער גלייך, יעדנפאַלס דאַרפן זיי עס זיין. מיט וואָס דריקט זיך אויס די אייגנאַרטיקייט? מיט דעם וואָס אזוי ווי די פּרצופים פון מענטשן זיינען נישט גלייך איינער צום אַנדערן, אזוי זיינען זייערע דעות נישט גלייך. דאָס איז נישט קיין חסרון, נאָר א מעלה. און אזוי ווי איינער האָט רעכט פאַר זיין מיינונג, האָט דער צווייטער רעכט פאַר זיין מיינונג און נישט בלויז דאָס, נאָר יעדער בן־חורין האָט רעכט איינצואָרדענען און צוצופּאַסן זיין לעבנס־אַרט צו זיין אינערלעכן אייגענעם איך.

דאָס איז די בחירה, וואָס דער מענטש האָט, ובחרת. ער קען אויסקלייבן שלעכטס. די תורה עצהט ובחרת בחיים, ובחרת בטוב. און כדי דער מענטש זאָל נישט מאַכן דעם אויסוואַל, די בחירה, לויט דעם איינפלוס פון דער אַרומיקער סביבה, פון אויסערלעכע איינפלוסן, האָט מען אונז געגעבן תורה און מצוות,

וועלכע מאַכן אונז ווידערשטאַנד־פעאיק קעגן די אויסערלעכע
איינפלוסן; קעגן די איינפלוסן פון דער אַרומיקער סביבה.

חרות, וועלכע פירט צו גאולה, הויבט זיך אָן ביי יעדן יחיד און ביי דעם גאַנצן פאָלק אין דעם מאָמענט, ווען ער הויבט אָן פילן, אַז אין דער פרעמד איז ער נישט ער. נישט ער באַשטימט זיין לעבנס־וועג, זיין לעבנס־אַרט; נישט זיין פאָלק, נישט זיין לאַנד, נישט זיין רעגירונג באַשטימט דעם לעבנס־וועג, דעם לעבנס־אַרט. דאַן הויבט מען אָן פילן אָט־די פרעמדקייט, וואָס מען לעבט אין דער פרעמד, מען פילט, אַז איך בין נישט איך, זוכט מען נישט ווי אַזוי זיך צוצופאַסן צו דער סביבה, נאָר די סביבה און איר לעבנס־אַרט ווערן שווער צו פאַרטראָגן. מען וויל דאַן פון זיך אַראָפּוואַרפן די קייטן פון פרעמדקייט, פון עבדות, מען הויבט אָן פילן די נויטווענדיקייט צו ווערן אַ בן־חורין, מען ווערט דורשטיק נאָך גאולה...

מען קען אָבער זיין עבדים און לעבן אַ פרעמד לעבן, אויך אין אייגענעם לאַנד, ווען אָנשטאָט איינצואָרדענען דאָס לעבן לויט דער נשמה פון פאָלק, לויט זיין גייסט, לויט דער יידישער תורה, וואָס אַלע מוזן דאָך מודה זיין, אַז היסטאָריש האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נאָר די תורה איז די דערהאַלטונגס־קראַפט פון זיין עקזיסטענץ — אָנשטאָט דעם וויל מען איינאָרדענען דאָס גאַנצע לעבן פון מדינת ישראל לויט פרעמדע איינפלוסן, פרעמדע לעבנס־אַרטן, דאַן קען מען אין ארץ־ישראל אויך פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן עם עבדים, פאַרלירן דעם גאַנצן חשק פון בחירה, חרות און גאולה, ביז מען הייבט אָן פרעגן: נאָך וואָס דאַרף מען באמת האָבן מדינת ישראל, נאָך וואָס דאַרף מען זיין אַ ייד, ביז מען

שטעלט אונטער א פראגע־צייכן דעם עצם־קיום פון יידישן פאלק, נאך וואס ?



דער חידושי הרי״ם האט געטייטשט: „והוצאתי אתכם מתחת סבלות מצרים״ — כ׳וועל אייך ארויסנעמען פון דער סבלנות וואס איר האט כלפי די מצריים, וואס איר קענט סובל זיין די מצריים און דאס מצרישקייט. כ׳וועל אייך פארמיאוסן דאס מצרישקייט, די מצריים און דאס זיין אין גלות, ביז איר וועט מער נישט קענען פארטראגן דעם גלות.



ליידער קענען מיר נאך היינט פארטראגן גייסטיקע גלות־דיקייט אין אלע גלותן, באזונדערס אין די „פרייע גלותן״ און מיר פארטראגן אויך גלותדיקייט דא, אין מדינת ישראל. דעריבער כאטש מיר זיינען אין מדינת ישראל, זיינען מיר נאך ווייט פון גאולה, ווייל די גאולה איז נאך ווייט פון אונז.



בחירה, חרות און גאולה דאס זיינען די דריי זיילן אויף וועלכע מען קען בויען די באפרייאונג פון יעדן ייד און פון גאנצן פאלק. בחירה — אויסוויילן צו לעבן דאס לעבן פון אייגענעם איך; חרות — זיך באפרייען פון פרעמדע איינפלוסן; גאולה — דאן קען קומען צו גאולה.

כן יהי רצון.

## „אז ישיר"

„ראתה שפחה על הים מה שלא ראו ישעיה ויחזקאל"
(מדרש הגדול רצ"ב)

אַ שפחה האָט געזען אויפן ים וואָס עס האָבן נישט געזען ישעיה און יחזקאל.

עס קומט אַמאָל אַ צייט ווען אפילו אַ שפחה זעט, אַז עס איז דאָ אַ ג־ט אויף דער וועלט. דאָס געשעט אין באַזונדערע פאַלן, אָדער אין אַ צייט פון אַ גרויסן גליק, אָדער אין אַ צייט פון אַ גרויסן אומגליק, אָדער גאָר אין אַ צייט פון ביידע צוזאַמען, ווי ביי קריעת ים־סוף, ווען די מצריים פון איין זייט, זיינען דער־טרונקען געוואָרן און די יידן זיינען אדורכגעגאַנגען דעם ים־סוף בחרבה, אין דער טריקעניש.

ביי אַזעלכע גרויסע געשעענישן, קען אַ שפחה אויך דערזען, אַז ג־ט פירט די וועלט און מיטזאָגן „זה א־לי ואנוהו". אָבער ישעיה און יחזקאל זיי זעען דעם רבונו־של־עולם יעדן טאָג, יעדע שעה, דווקא ווען אַלץ פירט זיך ווי דער שטייגער איז, אָן באַזונ־דערע געשעענישן, אויך דאַן זעען ישעיה און יחזקאל ג־טס האַנט אין אַלץ וואָס עס עקזיסטירט. דווקא אין נאָרמאַלע צייטן זעען ישעיה

און יחזקאל אַז די נאָרמאַליטעט איז נישט קיין צופאַל, אַז די אַלע געזעצן לויט וועלכע די וועלט עקזיסטירט: טאָג און נאַכט, זומער אוןווינטער, דווקא אַט־די געזעצן וואָס מיר רופן „נאַטור־געזעצן", דווקא זיי זיינען געזעצן וועלכע דער רבונו־של־עולם האָט באַשאַפן און זיי באַשטימט פאַר דער וועלט־עקזיסטענץ. ביי די נביאים און זייערע קינדער און תלמידים איז עס נישט קיין ג־ט פון פחד און מורא, נאָר אַ ג־ט פון בריאה און יצירה, אַ ג־ט פון שיינקייט און אָרדענונג, פון סדר, פון געזעצלעכקייט. דווקא אין דער צייט פון נישט־נאָרמאַלקייט, פון קאַטאַסטראָפעס, פון אומ־אָרדענונג — שטעלן זיך פּראַגן, וועלכע מאַטערן: פאַרוואָס און פאַרוואָס? אָבער ישעיה און יחזקאל זעען אויך אין דעם, אין די אומנאָרמאַלע געשעענישן, און אין די קאַטאַסטראָפעס אַ רעזולטאַט פון דעם „סדר עולם", וועלכן דער רבונו־של־עולם האָט פון פאַר־אויס באַשטימט. די קאַטאַסטראָפעס זיינען אַ רעזולטאַט פון דער מענטשלעכער „בחירה", וועלכע דער רבונו־של־עולם האָט גע־געבן דעם מענטש, און ווען דער מענטש „קלייבט" זיך אויס מיט זיינע מעשים חרוב צו מאַכן די וועלט, לאָזט אים דער רבונו־של־עולם דאָס טאָן ביז אַ געוויסער גרענעץ, און ווען עס קומט צו אַט־דער גרענעץ, הויבט אפילו אַ שפחה אויפן ים אָן צו זען „זה א־לי ואנוהו". אָבער ווייל דאָס איז ג־ט וועלכן די שפחה זעט נאָר אויס פחד, בלייבט זי אַ שפחה...



ביי אונז יידן איז קריעת ים־סוף נישט געווען קיין איינצלנער פאַל, אָדער צופאַל. קריעת ים־סוף איז געווען נאָר איין רינג אין דער לאַנגער קייט פון דער יידישער היסטאָריע, וועלכע האָט זיך

אַנגעהויבן מיט בריאת־העולם „בשביל ישראל שנקראו ראשית",
כדי זיי זאָלן מקבל זיין די תורה און לעבן אין ארץ־ישראל. די
היסטאָריע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אברהם אבינו, וועלכער האָט
געמיינט, אַז מען קען אויך פון גוים מאַכן יידן און ער מיט שרה'ן
האָבן זיך פאַרנומען מיט מגייר זיין גוים, ביז אין איין שיינעם
פרימאָרגן האָבן זיי דערזען, אַז די אַלע גרים האָבן זיי פאַרלאָזט,
דאַן האָבן זיי דערהערט ג־טס שטימע „כי ביצחק יקרא לך זרע".
נאָר די בני אברהם יצחק ויעקב זיינען יידן. יידן האָבן עפּעס
ספּעציפישעס אין זיך, וועלכעס קיין שום אומה ולשון האָט נישט
אין זיך, כאָטש עס טרעפן אַמאָל אויך „גרי־צדק" וואָס לרוב
ווייזט זיך שפּעטער אַרויס אַז אויך זיי שטאַמען פון יידן, און
דאָס פינטעלע ייד האָט זיך ביי זיי דערוועקט און ווידער אָנגע־
צונדן דורך אַ זייטיקער זאַך, לרוב ווען די גוים האָבן אים דער־
מאָנט זיין יידישקייט.

די יידישע היסטאָריע פון אברהם אבינו אָן איז איין לאַנגע
קייט פון עליות און ירידות, אָבער אויך די עליות און די ירידות
זיינען נישט געווען אין אונזערע אויגן קיין צופעליקייטן, נאָר
אַ טייל פון דער וועלט־היסטאָריע וואָס יידן זיינען אירע טרעגער.
וואָס יידן זאָגן אויף איר עדות. אויך קריעת ים־סוף איז דעריבער
נאָר געווען איין קייטעלע אין דער היסטאָריע, אַזוי אויך מתן
תורה, וועלכע מען האָט אונז נאָך אין מצרים געזאָגט דורך משה
רבנו „בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את אלוקים על ההר
הזה", מיר האָבן אַלזאָ דערוואַרט נישט בלויז קריעת ים־סוף.
נאָר אויך מתן תורה. אָבער אַ שפּחה זעט נאָר דעם רבונו־של־
עולם דורך פּחד, דורך וועלט־קאַטאַסטראָפעס. דעריבער איז בי־

אונז די העכסטע מדרגה פון ג־ט דערקענטעניש אהבת ד׳: „ואהבת את ד׳ אלוקיך״. מורא, פחד איז כדי דער מענטש זאָל נישט אויסנוצן די בחירה צום שלעכטן.

אזוי ווי מיר פאַרשטייען נישט, פאַרוואָס די וועלט איז באַשאפן געוואָרן אזוי און נישט אנדערש; פונקט אזוי ווי מיר ווייסן נישט, פאַרוואָס די וועלט־עקזיסטענץ געזעצן (נאַטור־געזעצן) זיינען אזוי ווי זיי זיינען און נישט אנדערש; פונקט אזוי ווי מיר ווייסן נישט, פאַרוואָס יעדער וועלט־טייל און יעדע פּלאַנעט איז אזוי און נישט אנדערש — אזוי ווייסן מיר נישט, פאַרוואָס דאָס יידישע פאָלק איז אזוי און נישט אנדערש, פאַרוואָס „רק אתכם ידעתי״. אָבער עס איז אַ פאַקט. אויב עס איז דאָ אַ פאָלק וואָס איז אַן עדות פון דער היסטאָריע איז עס דאָס יידישע פאָלק. קיין שום פאָלק וואָס האָט עקזיסטירט אין די צייטן פון אברהם אבינו האָט נישט קיין המשך ביז היינט צו טאָג, אויסער דאָס יידישע פאָלק. דאָס יידישע פאָלק איז דעריבער דער באַגלייטער פון דער היסטאָריע בכלל און נישט פאַרקערט. נישט דאָס יידישע פאָלק דרייט זיך אַרום דער היסטאָריע און גייט זיין וועג מיט איר, נאָר די היסטאָריע דרייט זיך אין יעדן דור אַרום דעם יידישן פאָלק.



„כי בדבר אשר זדו־עליהם״. דאָס איז די געשיכטע פון יידישן פאָלק אָנהויבנדיק פון אברהם אבינו. אין יעדן דור געפינט זיך עמעצער, וואָס זיין ציל איז אומצוברענגען דאָס יידישע פאָלק, אים אָפּווישן פון דער וועלט־אַרענע, אָבער שטענדיק ענדיקט זיך דאָס מיט „ונהפוך הוא״. דאָס יידישע פאָלק לעבט און עקזיסטירט

און איז אפילו זוכה למלכות און פון אַלע פעלקער פון אַמאָל איז שוין כמעט קיין זכר נישטאָ. פון זייערע געטער און תורות אוודאי און אוודאי נישט.

אַט־די היסטאָרישע געשעעניש, וועלכע ציט זיך פון מצרים אָן „וכאשר יענו אותו — כן ירבה וכן יפרוץ", ביז דעם היינטיקן טאָג איז דער עדות אַז נישט בלויז ג־ט האָט די וועלט באַשאַפן, נאָר אויך אַז ער פירט זי. און אויב היינט איז שוין דאָ זייער אַ גרויסע צאָל יידן און נישט־יידן וועלכע זיינען מודה, אַז „השמים מספרים כבוד א־ל, ומעשה ידיו — מגיד הרקיע", נאָר זיי ווילן נאָך נישט גלויבן אין דער ג־טלעכקייט פון יידישן פאָלק — איז דאָך די היסטאָריע פון יידישן פאָלק דער בעסטער עדות דערויף.

„אז ישיר", „אָז" געהערט די פאַרגאַנגענהייט, דעם עבר. „ישיר" — געהערט די צוקונפט. משה רבנו ביים ים־סוף צו־זאַמען מיט די יידן האָבן געזונגען שירה אויף דעם עבר, אָבער גלייכצייטיק געזונגען אויף דעם עתיד. יידן לעבן נישט בלויז מיטן עבר און נישט בלויז מיטן עתיד און אין דער מיטן אַ לייז־דיק פוסט בלאַט. יידן פאַרבינדן דעם הווה, די קעגנוואַרט, דעם היינט מיט דעם „אָז", מיט דעם עבר און מיט דעם עתיד, מיט „ישיר". דער הווה איז נישט קיין זאַך פאַר זיך, אָפּגעריסן פון נעכטן און נישט זעענדיק דעם מאָרגן. ביי יידן זינגט מען נאָך היינט שירת־הים פון אַמאָל טראַכטנדיק וועגן „שירה חדשה שבחו גאולים", וועלכע זאָל זיין דער המשך פון שירת הים.

וואָלטן יידן נישט געווען די טרעגער פון דער היסטאָריע, און היסטאָריע הייסט דאָך: נעכטן, היינט און מאָרגן אַלס איין גאַנצעס — וואָלט שוין פון יידן קיין זכר נישט געווען. נישט

בלויז עס וואָלט נישט געווען מער דער נעכטן פון אברהם, יצחק און יעקב, יציאת מצרים, מתן תורה, כניסה לארץ־לישראל — נאָר עס וואָלט קיין היינט נישט געווען. מיר וואָלטן מער נישט עקזיסטירט און מיר וואָלטן נישט געווען היינט דער המשך פון יציאת מצרים און פון שיבת־ציון; ווען נישט וואָס מיר האָבן ביז היינט זיך געקלאַמערט אין יידישקייט, אויך אין גלות — וואָלטן מיר שוין היינט קיין שום שייכות נישט געהאַט מיט שיבת ציון.



די יידישע היסטאָריע איז אַ לאַנגע קייט פון עליות און ירידות, גייסטיקע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע א. א. וו. אָבער אויך בשעת די גרעסטע ירידות, האָבן די יידן נישט איבערגעריסן אינגאַנצן מיטן עבר. שטענדיק איז געבליבן ערגעץ־ווו באַהאַלטן עפּעס אַ פונק פון עבר (פּונקט ווי היינט אפילו ווען איינער דערווייטערט זיך פון יידישקייט, באַרימט ער זיך דאָן, אַז ער שטאַמט פון אַ חסידישער אָדער רבנישער משפחה), און דער פונק האָט זיך מיט דער צייט צעפלאַקערט. אויך איז קיינמאָל נישט געווען קיין צייט ווען יידן האָבן געוואָלט פאַרגעסן אָדער פאַרזען אינגאַנצן דעם עתיד, כאָטש אַלץ האָט זיך געדרייט אַרום דעם הווה, אַרום דער קעגנוואַרט, וועלכע מ׳האָט געוואָלט אַנדערש מאַכן. צוליב דער קעגנוואַרט האָט מען געפּרוווט אַ סך מאָל צו פאַרלייקענען דעם עבר און נישט גלויבן אין דעם עתיד. מען האָט געשאַפן דעם דעוויז פון „נהיה ככל הגויים", אָבער דאָס איז קיינמאָל נישט געלונגען. עס האָט אויף אַ געוויסער צייט געמאַכט אַ חורבן אין יידישן לעבן, אָבער נאָר צייטווייליק, נישט מער.

אפילו היינט, ווען א טייל אין מדינת ישראל פרוווט אויס־מעקן דעם עבר, אים פארקריפלען, ער זאָל נישט דינען אלס ווענ־ווייזער פאר דער קעגנווארט און דער צוקונפט — פרוווט אויך דער טייל שטענדיק באשולדיקן יידן מאמינים, אז זיי ווייסן נישט וזי אזוי באליבט צו מאכן די אמונה אויף נישט־מאמינים. אָט־די טענה באווייזט אז אויך ביי די נישט־מאמינים טליעט טיף אין הארצן א פונק פון אמונה, וועלכע זיי וואָלטן געוואָלט אז עמע־צער זאָל אָנצינדן און צעפלאקערן, דעריבער האָבן זיי טענות צו מאמינים, פארוואָס זיי טוען דאָס נישט. איז נישט וויכטיק דאָ דער וויכוח און ווער איז גערעכט, וויכטיק איז וואָס אפילו נישט־מאמינים שרייען צו די מאמינים איר זענט שולדיק, וואָס מיר זיינען אזוי און נישט אנדערש...

דאָס איז די היסטאָריע פון יידישן פאָלק, פון דער יידישער אמונה, פון דער יידישער תורה און פון ארץ־ישראל: —

„אָז ישיר", „אָז" אין דער פארגאנגענהייט, „ישיר" אין דער צוקונפט. „אהיה אשר אהיה".

## „ויהי בשלח פרעה את העם"

די חז"ל זאָגן (מגילה י' ע"ב): „כל מקום שנאמר „ויהי" אינו אלא לשון צער". פרעגט די וועלט אַ קשיא: וואָס פאַר אַ צער איז דאָס געווען, ווען פּרעה האָט אַרויסגעשיקט די יידן פון מצרים! אדרבה: עס איז דאָך געווען אַ שמחה! יידן זיינען אַרויסגענאַנגען מעבדות לחירות, דער ערשטער שריט צו זעלבסט־שטענדיקייט אַלס יידיש פאָלק דורך מתן־תורה און ארץ־ישראל, וואָס פאַר אַ צער איז דאָס געווען, ווען פּרעה האָט אַרויסגעשיקט די יידן, וואָס די תורה שטרייכט עס אונטער „ויהי"?

איז דער תירוץ אַזאַ:

עס איז געווען אַ צער צוצוקוקן, אַז יידן זיינען אַרויס פון מצרים נישט ווייל זיי האָבן זיך געוואָלט באַפרייען פון שעבוד און גיין קיין ארץ־ישראל, ווייל עס איז זייער לאַנד — נאָר יידן זיינען אַרויס פון מצרים נאָכדעם ווי פּרעה האָט זיי אַרויסגעשיקט. דאָס איז געווען דער צער. יידן האָבן זיך נישט דערהויבן צו דער גרויסקייט פון מאָמענט זיי זאָלן לעכצן נאָך גאולה, נאָר „ויהי בשלח פּרעה את העם". דעריבער האָט דער רבונו של עולם זיי נישט געפירט גלייך „ולא נחם אלוקים דרך ארץ פלשתים — פּן ינחם העם — ושבו מצרימה"...

יידן האָבן נישט געוואָלט אַרויסגיין פון מצרים. עס איז זיי טאַקע געווען זייער ביטער און שלעכט, האָבן זיי געשריגן. זיי האָבן געוואָלט אָפּשרייען די ביטערע גזירות. זיי האָבן זיך געפרייט מיט די מכות, וואָס פרעה און די מצרים האָבן באַקומען, ווייל זיי האָבן געגלויבט, אַז דורך דעם וועט פרעה בעסער ווערן; וועלן די שלעכטע גויים ווערן „גוטע גויים" און מען וועט זיך שוין קענען ווי עס איז איינאָרדענען און צוזאַמענלעבן מיט פרעה און די מצרים, און אפשר נאָך צוריק ווערן דאָס „אויבערשטע פון שטייסל" און באַקומען אַ מיניסטער־פּאָרטפעל.

די יידן האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון די גזירות, אָבער עס איז זיי נישט געגאַנגען אין לעבן פּטור צו ווערן פון די גוזרים, זיך אינגאַנצן פון זיי באַפרייען, זיך באַפרייען פון פרעמד־קייט, פון זיצן אין אַ פרעמד לאַנד, גיין צוריק אַהיים קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן ליבערשט געוואָלט זיצן אין דער פרעמד, לעבן צווישן די גויים, און אין אַ גרויסער מאָס אויך לעבן ווי גויים. עס איז באַקוועם, מען האָט נישט קיין מלוכהשע זאָרגן, קיין מלוכהשן עול. יעדער איז זיך אַ פרייער פויגל. ער קען וואַנדערן ווו ער וויל. אַז עס מאַכט זיך אַמאָל, אַז מען דערטרינקט יידישע קינדער, מען בויט זיי איין אין מויערן, דאַרף מען אַביסל שרייען.
דאָס איז געווען דער צער ביי יציאת מצרים: פרעה האָט געמוזט די יידן אַרויסשיקן מיט געוואַלד: „ויהי בשלח פרעה את העם".

די זאַך איז אָבער נישט געווען אַזוי פשוט: דער רבונו של עולם האָט נישט געוואָלט, אַז יידן זאָלן דאַרפן שטענדיק דאַנקבאַר זיין פרעהן פאַר דעם, וואָס ער האָט זיי באַפרייט כביכול, וואָס ער

האָט זיי אַרויסגעשיקט פון גלות. ווייל אויב יידן וואָלטן געדאַרפט דאַנקבאַר זיין פּרעהן, וואָלטן מיר זיך נישט געפילט גאַנץ אומ־אָפּהענגיק פון די פּרעהס, וואָלטן מיר זיך נישט געפילט פריי, צו האַנדלען ווי עס איז גוט פאַר יידן, מיר וואָלטן זיך שטענדיק געדאַרפט רעכענען מיטן „למה יאמרו הגויים" און נאָך מער מיט: „מה יאמרו הגויים", און ווען מען קוקט שטענדיק הינטער־זיך, ווען מען וויל עפּעס טאָן — איז עס נישט קיין גוטער סימן. אַ סימן פון זעלבסטשטענדיקייט, פון פרייהייט איז, אַז מען קומט צו דער מדרגה פון: „מעולם לא אמרתי דבר והזרתי לאחורי", אַז מען דאַרף זיך נישט אומקוקן, „וואָס וועט יענער זאָגן", ווען איך וועל זאָגן וואָס איך בין... לאַ־כל־שכן, ווען איך וועל לעבן נישט ווי איך וויל, נישט זיין דאָס וואָס איך בין, נאָר לעבן ווי אַ גוי, כדי נושא חן צו זיין ביי דעם גוי. דער איז נישט קיין בן־חורין.

דעריבער ווען דער רבונו של עולם האָט געהערט דאָס געשריי פון די יידן, „ותעל שוועתם" האָט דער רבונו של עולם נישט באַשלאָסן זיי צו פאַרלייכטערן דעם גלות, האָט ער נישט געגעבן קיין מכות, כדי די מצרים זאָלן אויפהערן פייניקן יידן, נאָר ער האָט באַשלאָסן אַרויסצונעמען די יידן פון מצרים און זיי ברענגען קיין א"י, ווייל דאָס איז דער איינציקער וועג און די איינציקע לייזונג פון דער יידן־פראַגע צווישן גוטע און צווישן שלעכטע גויים.

כדי אָבער יידן זאָלן נישט זיין קיין גייסטיק־פאַרשקלאַפטע, אויס דאַנקבאַרקייט, האָט דער רבונו של עולם געזאָרגט דערפאַר, אַז פּרעה זאָל נישט וועלן אַרויסשיקן די יידן פון מצרים פון זיין גוטן ווילן, און ווען משה רבנו איז געקומען צו פּרעה און אים

געזאָגט אין נאָמען פון רבונו של עולם „שלח את עמי", האָט ער געענטפערט קורץ און שאַרף: „לא אשלח"! נאָר דער רבונו של עולם אַליין האָט אונז אַרויסגענומען פון מצרים, נישט יידן האָבן געוואָלט אַרויסגיין און נישט פּרעה האָט אונז געוואָלט אַרויסשיקן. ער האָט געמוזט אַרויסשיקן די יידן. „ויהי בשלח פּרעה את העם", ווייל ער האָט קיין ברירה נישט געהאַט. אין אמתן „ויוציאנו ד' ממצרים — לא על־ידי מלאך, ולא על־ידי שרף, ולא על־ידי שליח, אלא הקדוש ברוך הוא בכבודו ובעצמו". דעריבער דאַרפן מיר נישט דאַנקבאַר זיין פּרעהן, וואָס ער האָט אונז אַרויסגעשיקט, ווייל ער האָט קיין ברירה נישט געהאַט. דעריבער קענען מיר זיין אמתע בני־חורין, אויב מיר ווילן.

„מעשה אבות סימן לבנים". אויך היינט ווילן יידן נישט אַרויסגיין פון צווישן די גויים. אפילו פון די לענדער, ווו דער חלף ליגט שוין אויפן האַלז, וויל מען, אַז מען זאָל שרייען, מען זאָל אָפּשרייען די גזירות, מען זאָל זיי פאַרזיכערן רעכט א. א. וו. אָבער זיך באַפרייען, דורך גיין אהיים, אין מדינת ישראל, צו דעם איילט מען זיך נישט. מען טראַכט און מען האָפט, אַז טאָמער, אפשר וועלן די גויים בעסער ווערן. אַן אויסנאַם זיינען די יידן פון סאָוויעט־רוסלאַנד, וועלכע פאָדערן הויך אויפן קול צו דער סאָוויעטישער רעגירונג: לאָזט אונז אַרויס, לאָזט אונז גיין אהיים, נאָך ארץ־ישראל.

אויך די גויים, וועלכע האָבן מסכים געווען אונז צו באַ־פרייען, און אונז צוריקצוגעבן די מעגלעכקייט צו ווערן אויפסניי אַ זעלבסטשטענדיק פריי פאָלק אין אַ סוווערענער מלוכה, אין אַ טייל פון ארץ־ישראל (דערווייל האָבן מיר שוין זוכה

געוועז, אַז ארץ־ישראל איז געוואָרן די יידישע מדינה, נישט בלויז אַ טייל פון איר), האָבן עס נישט געטאָן פון זייער גוטן ווילן, נאָר ווייל זיי האָבן געמוזט (ביי יעדן איז געוועז אַן אַנ־דערער מוז). ענגלאַנד האָט געמוזט — ווייל זי האָט קיין ברירה נישט געהאַט, זי האָט פיזיש זיך נישט געקענט מער דאָ האַלטן; סאָוויעט־רוסלאַנד האָט געמוזט, כדי פּטור צו ווערן פון די ענגלענדער דאָ. אַמעריקע האָט געמוזט נישט בלויז, כדי נישט צו בלייבן הינטערשטעליק לגבי רוסלאַנד, נאָר זי האָט דאָס אויך געמוזט, צוליב די יידן אין אַמעריקע. פּונקט ווי אין מצרים האָט יוסף געזאָגט צו די ברידער „כי למחיה שלחני אלוקים לפ־ניכם", אַזוי קענען יידן אין אַמעריקע זאָגן: מען האָט זיך געמוזט מיט זיי רעכענען.

מיר זעען אָבער ווען די גויים מוזן נישט, זיינען זיי קענן אונז, יעדנפאַלס די מערהייט. מיר האָבן עס געזען אויף די זי־צונגען פון זיכערהייטס־ראַט.

דעריבער דאַרפן מיר נישט זיין קיין עבדים צו די גוטע גויים, וועלכע האָבן אונז דערמעגלעכט ווידער צו עטאַבלירן מדינת ישראל. זיי האָבן דאָס נישט געטאָן פון זייער גוטן ווילן. זיי האָבן נישט געהאַט קיין ברירה. זיי האָבן דאָס געמוזט טאָן.

אויך יידן קומען היינט קיין ארץ־ישראל נישט פון זייער גוטן ווילן, אויסער אַ קליינע צאָל פון אַמעריקע א. א. וו. נאָר ווייל זיי זעען, אַז דאָס שרייען אַז די גויים זאָלן ווערן בעסער — העלפט נישט און ווייל די פרעהס שיקן אַרויס די יידן.

עס איז אָבער אַ צער צוצוקוקן ווי די יידן קומען דאָ אהער

נישט ווייל זיי ווילן, נאָר ווייל זיי מוזן, ווייל בשלח פּרעה, ווייל פּרעה שיקט זיי אַרויס. און מיר זיינען שוין צופרידן ווען די פּרעהס שיקן אַרויס די יידן. מיר ווילן גאָרנישט טראַכטן און מיר ווילן גאָרנישט וויסן, פאַרוואָס זיי שיקן אַרויס די יידן, אַבי די יידן גייען אַרויס און קומען אַהיים, און האָבן ברוך השם אַ הייב ווו צו קומען: מדינת ישראל.

עס איז אָבער אַ גרויסער צער: פאַרוואָס די יידן, וואָס די פּרעהס שיקן זיי נישט אַרויס; וואָס די פּרעהס טוען זיי נישט אָן קיין צרות, וואָס די פּרעהס שטערן זיי נישט צו גיין אַהיים — פאַרוואָס ווילן זיי נישט גיין אַהיים, אויף וואָס וואַרטן זיי, וואָס ווילן זיי, אַז עס זאָל חלילה ביי זיי אויך קומען צו „ויהי בשלח פּרעה את העם״?!

# די בקשה פון אַ פּריינט

## איך וויל פילן אַ טעם פון פּסח

מיט עטלעכע טעג צוריק האָט זיך געווענדעט צו מיר אַ פּריינט, וועלכער וווינט שוין דאָ אין לאַנד איבער אַ צוויי צענדליק יאָר, מיט אַ בקשה, אין וועלכער ער שרייבט צווישן אנדערן: „אפשר איז מעגלעך, אַז איך מיט מיין פרוי און צוויי קינדער זאָלן זיין פּסח אין אַ יידיש הויז, ביי אַ יידישן סדר, איך וויל פילן אַ טעם פון פּסח, איך וועל אַלץ באַצאָלן".

דער מענטש לעבט אין אַ נישט־רעליגיעזן מושב, און ער פאַרטיידיקט זיך, אַז כאָטש ער „איז נישט פרום", וויל ער פילן אַ טעם פון פּסח, פון אַ יידישן פּסח.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט קיין גרויסער פּראָבלעם. דער מענטש וועט זיך געפינען פּסח ביי אַ כשרן סדר. דאָס האָט ער געמיינט, ווען ער האָט געזאָגט, ער וויל זיין אין אַ „יידיש הויז", ביי אַ „יידישן סדר".

די בקשה פון דעם פריינט רופט אַרויס פאַרשידענע גע־דאַנקען. אויף עטלעכע איז זיך כדאי אָפּצושטעלן.

א) נאָך צוואַנציק יאָר אָפּלעבן אין אַ נישט־רעליגיעזן ישוב פעלט עפּעס דעם ייד אַלס ייד. ער פילט, אַז עס פעלט אים עפּעס. ער פילט נישט אין דעם נישט־רעליגיעזן ישוב דעם טעם פון פּסח. טראַץ דעם, וואָס די אַלע ישובים האָבן פאַרפּלייצט דעם ישוב מיט זייערע הגדות, זיי מאַכן זיך זייערע „סדרים", מען „שניידט" אפילו דעם „עומר". דאָס אַלץ ווייזט אויס קען נישט אָנפילן קיין יידיש האַרץ מיט יידישקייט. עס איז אין די אַלע „גע־מאַכטע" סדרים פאַראַן אַלץ, וואָס זאָל פאַרטומלען דעם מוח, פאַרנעמען די צייט, „אַוועקהרגענען" די צייט, מטמטם זיין די חושים ביז מידקייט, אָבער דעם טעם פון פּסח, פון אַ יידישן פּסח, פילט מען אין דעם נישט.

מען דאַרף גאָרנישט זיין סענטימענטאַל אויף מיטצופילן אָט דעם פריינטס מצב, מצה צוזאַמען מיט חמץ איז נישט פּסחדיק, חזיר אָדער קראָליקעס ביים פּסחדיקן טיש איז חזיריש און נישט פּסח־דיק. עס איז אָפּגעלאַכט און אָפּגעשפּאָט פון זיך אַליין. עס איז גענאַרט זיך און אַנדערע. ווי האָט אַמאָל געזאָגט שניאור: טשאָלנט און חזיר זיינען נישט קיין מחותנים.

ב) דער פריינט איז נישט קיין בן־יחיד היינט אין ישוב. „עס זיינען דאָ פיל טויזנטער אַזוי ווי איך — שרייבט מיר דער פריינט — זיי האָבן אָבער נישט צו וועמען זיך צו ווענדן". יאָ, דאָס איז אמת. אַ ביטערער און אַ פריילעכער אמת צוזאַמען. ביטער, אַז זיי האָבן נישט צו וועמען זיך צו ווענדן, די מענטשן זיינען געוואָרן איינגעשלאָסן אין זייערע וועלטן דורך אָרגאַני־זאַטאָרישע ראַמען, און האָבן פאַרלוירן זייער באַרירונג מיט אמתע יידן, מיט אמתער יידישקייט. אין אָט די מושבים איז

נישטאָ קיין יידישקייט, עס איז ערזאַץ־יידישקייט. מען זעט נישט דעם יידישן שבת און דעם יידישן יום־טוב. עס זיינען דאָ פּלע־צער, ווו קינדער האָבן אין זייער לעבן נישט געזען קיין ספר־תורה, קיין תפילין און מזוזות, קיין טלית און ציצית. אין די פּלעצער איז יידישקייט כמעט אויסגעריניקט. עס איז אָבער דאָך א פרייעלעכער אמת, דאָס געפיל, אַז טויזנטער יידן קומען צום באַוווסטזיין, אַז זיי האָבן פאַרלוירן דאָס יידישקייט. דאָס ברענגט זיי אָנצוהויבן זוכן דעם וועג צוריק. און אַז מען זוכט, דער עיקר: אַז מען וויל געפינען — וועט מען געפינען דעם וועג צוריק

ג) דער אמת, דער ביטערער אמת איז, אַז די פּוסטקייט, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן דורך אָראָפּוואַרפן פון זיך דאָס יידישקייט, דורך דערקלערן „איך בין נישט פרום" פילט זיך אין גאַנצן ישוב, ווו מען „דרייט" זיך און ווו מען „פרייט" זיך.

נעמען מיר, צום ביישפּיל, א יום־העצמאות. וואָס פאַר א טעם פילן נישט רעליגיעזע יידן פון יום־העצמאות? א רעליגיע־זער ייד, א רעליגיעזער ציוניסט אין יום־העצמאות דאַוונט אַנ־דערש, צינדט אָן ביינאַכט ליכט און מאַכט אפילו א האַלב יום־טובדיקע סעודה, און מען דערציילט נאָכאַמאָל אַלע נסים, וועלכע זיינען געשען אין ירושלים, אין תל־אביב, אין חיפה, אין משמר העמק, צי אין טירת צבי, און מען מאַכט פאַרגלייכונגען מיט די נסים ונפלאות פון אַמאָל ביי יציאת מצרים, חשמונאים און אַנדערע, און מען זינגט „והיא שעמדה" א. א. וו. — אָבער וואָס פילט די מאַסע, וועלכע דערווייטערט זיך פון יידישקייט, וואָס פאַר א טעם פילט זי אין דעם יום־העצמאות? מען רעדט,

מען פילדערט, מען איז דערנאָך טויט־מיד, און מער ווי פוסט־קייט בלייבט נישט, נישט אין מוח און נישט אין הארץ.

מען „פרייט זיך" נישט־יידישלעך. ממילא וועט נישט לאַנג דויערן, און עס וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין א „פרייד" ווי ביי די גויים, מען וועט שיכורן און עס וועט ווערן א שיכורער יום־טוב.

יידן האָבן געוווסט אפילו די וואָכעדיקע ימים־טובים, ווי חול־המועד, חנוכה, פורים צו געבן א יום־טובדיקן אינהאַלט. דער היינטיקער וואָכעדיקער דור קען אזא יום־טובדיקן טאָג ווי יום־העצמאות נישט געבן עפּעס א יום־טובדיקן אינהאַלט. עס איז אַלץ פוסט.

ד) מען שעמט זיך. אפילו מיין פריינט, ביי וועמען די נשמה גייט אוים נאָך אביסל יידישקייט, שעמט זיך דאָס צו זאָגן מיט א פול מויל. ער פאַרענטפערט זיך: „כאָטש איך בין נישט פרום". אמאָל האָט מען זיך געשעמט עובר צו זיין אן עבירה. היינט, צום באַדויערן, שעמט מען זיך צו טאָן א מצווה.

עס איז אָבער געקומען די צייט אויסצוטוען דאָס „שעם־היטל". אין שולחן־ערוך איז דאָ א ספּעציעלער דין „שלא יתבייש אדם מפני המלעיגים", דער מענטש זאָל זיך נישט שעמען פאַר די, וועלכע שפּאָטן פון אים. דעם סעיף אין שולחן־ערוך האָט צו פאַרדאַנקען זייער פיל דאָס אויפהאַלטן יידישקייט צווישן די גויים. עס איז געקומען די צייט, באַזונדערס אין מדינת ישראל, אז די, וועלכע „ווילן פילן א טעם פון פסח", זאָלן זיך אויפהערן:

צו שעמען מיט זייער יידישקייט און נישט פאַרענטפערן זיך „כאָטש איך בין נישט פרום".

קודם־כל איז עס נישט דער אמת לאמיתה. אַ ייד, וועלכער בענקט נאָך אַ „יידישן סדר", נאָך אַ „טעם פון פסח", איז דאָ ביי אים אַ פרומע נשמה. ער פילט דאָך, אַז עס פעלט אים עפּעס. ער איז אַ מענטש, וועלכער פילט זיין חסרון. אין דעם אַליין ליגט שוין אַ גרויס שטיק פרומקייט. מען דאַרף מאַכן נאָך אַ שריט ווייטער און זיך אויפהערן שעמען פאַר די אַרומיקע. דאַן וועט זיך אַרויסווייזן, אַז עס זיינען דאָ אַ סך אַזעלכע פרומע, וועלכע „במסתרים תבכה נפשי", וואָס זייערע נשמות וויינען באַהאַלטענערהייט, ווען קיינער זעט נישט. ווען זיי זיינען מיט זיך אַליין, בענקט זיך נאָך אַביסל יידישקייט. און וואָס איז דאָס אויב נישט אַ גרויסער, גאָר גרויסער חלק פון פרומקייט ?!

למעשה, דאָס גאַנצע מסירת־נפש פון אונזער דור אין מדינת ישראל פאַר דער עקזיסטענץ פון דער מדינה, פאַר ראַטעווען יידן, פאַר אַן עליה, פאַר קיבוץ גלויות איז דאָך אויך אַ דאַנק דעם ביסל פרומקייט, וועלכע טליעט באַהאַלטן אין די נשמות פון די, וועלכע פאַרטיידיקן זיך, אַז זיי זיינען נישט פרום.

אין תוך גענומען, אַביסל טיפער געריידט : ווען נישט דאָס ביסעלע פרומקייט ביי די איינגערעדטע נישט פרומע, וואָס אַ דאַנק דעם פּינטעלע ייד זיינען זיי גרייט זיך מוסר־נפש זיין פאַר מדינת ישראל און פאַר דער עקזיסטענץ פון עם ישראל — וואָס אַ זין האָט דער גאַנצער מסירת־נפש ? בלויז ווייל מען וויל אונז נישט האָבן אין דעם לאַנד, אָדער אין אַ צווייט לאַנד ? איז דאָ

א דריט לאַנד, ווו מען וויל אונז יאָ האָבן. איז עס ווידער ווייל מען וויל אונז נישט האָבן אַלס יידן, און מיר ווילן נישט אויפ־הערן זיין יידן, ליגט דאָך שוין אין דעם עקשנות א גרויס שטיק פרומקייט. עס איז אָבער גלייכצייטיק אויך דאָ אַן עקשנות צו ווייזן די גויים, אַז מען קען אויך זיין גויים... און דעריבער וואַרפט מען אַוועק דעם „יידישן טעם". אָדער אפשר גאָר סתּם, ווייל דער „יידישער טעם", דעם אמת געזאָגט, איז אַביסל שווער, ער קאָסט טייערער. ווי זאָגט אָבער א פאָלקס־ווערטל: „עס קאָסט טייערער, עס איז אָבער ווערט". דער יידישער פּסח, פילן א טעם אין פּסח קאָסט טייערער, עס איז אָבער ווערט.

ווען נישט דאָס ביסל באַהאַלטענע פרומקייט, וועלכע געפינט זיך אין די „נישט־פרומע" נשמות, וואָס א טעם האָט דאָס גאַנצע קלאַמערן זיך און וועלן עקזיסטירן און נישט וועלן זיך אסימי־לירן און אונטערגיין?

די פאַרטיידיקונג: „איך בין נישט פרום" איז נישט מער ווי א פּוסטע מליצה, ווייל מען שעמט זיך פאַר אַנדערע, וועלכע שעמען זיך אויך...

ה) די אַזוי גערופענע „נישט־פרומע" דאַרפן אויך וויסן, אַז מען קען נישט האַלטן דעם שטעקן ביי ביידע עקן.

האַלטן אין איין שרייען „איך בין נישט פרום" און זוכן א יידישן סדר, א טעם פון פּסח. אויב מען וויל זיך פאַרשרייען „איך בין נישט פרום", ווערט מען ממילא קרום...

מען קען פאַרשטיין, אַז נאָך צוואַנציק יאָר לעבן אין א נישט־

רעליגיעזן ישוב איז זייער שווער צו מאכן א טריט צוריק. דער־
בער האָט מען אונז געלערנט: „אז מען גייט א גאנג, דארף
מען זען, עס זאָל נישט טאָן באנג". טראָץ דעם אַלעם הייבט
מען שוין אָן פילן א באַדערפעניש אין א יידיש הויז, אין א
יידישן סדר, אין א טעם פון פסח, דארף מען נישט קאַליע מאכן
דעם טעם מיט דער, וואָלט איך געזאָגט, נארישער דערקלערונג:
„כאָטש איך בין נישט פרום". די דערקלערונג מאכט קאַליע
דעם גאנצן טעם. דאָס איז: איין טריט פאָראויס, צוויי טריט
צוריק.

מען דארף אויפהערן טראכטן וועגן נאָענטן עבר. דאָס הארץ
ציט ווידער צו יידישקייט, די נשמה בענקט ווידער צו א יידישן
סדר, אדרבה ואדרבה. דאָס איז א זייער גרויסער שריט זיך אַליין
צו דערקענען. באַזונדערס יום־טוב פסח, ווען „חייב כל אדם
לראות את עצמו", יעדער מענטש דארף זיך אַליין זען, זיך
באַמיען זיך אַליין צו דערקענען.

# אַ ייד בלייבט אַ ייד

## „חייב אדם לראות את עצמו"

דער יידישער שבת און די יידישע ימים־טובים האָבן אין זיך „עפּעס", וואָס מען קען עס נישט באַצייכענען, אָבער יעדער ייד, וועלכער היט שבת און יום־טוב, פילט דעם „עפּעס". דער ייד פילט שבת און יום־טוב, אַז ער איז עפּעס אַנדערש ווי אַ גאַנצע וואָך. אַ שבתדיקער ייד, אַ יום־טובדיקער ייד איז אַנדערש ווי אַ וואָכעדיקער ייד. אַ שבתדיקער יום־טובדיקער ייד פילט אַ טעם און אַן אינהאַלט פונעם לעבן אַ גאַנצע וואָך, אַ גאַנץ יאָר, ער אַרבעט כדי צו לעבן און פילן אַ טעם פון דער אַרבעט אַ גאַנצע וואָך — שבת און יום־טוב. דער וואָכעדיקער ייד אָבער, ער האַלט אין איין אַרבעטן פאַרן לעבן אַזוי, אַז ער האָט גאָרנישט קיין צייט פאַרן לעבן אַליין. ער קומט גאָרנישט צו צום לעבן אַליין. ער האָט גאָר קיין צייט נישט ווען צו לעבן. ער איז שטענדיק פאַרהאָרעוועט און פאַרנומען מיטן אַרבעטן פאַרן לעבן מכלומרשט, אָבער ער האָט נישט ווען צו לעבן.

שבת און יום־טוב, ווען דער יידישער מענטש רוט פון דער אַרבעט, אַבסאָלוטע רו, ער אַרבעט נישט פאַרן לעבן, כדי צו מאַכן

א לעבן, אָט אין די טעג ווען ער טוט גאָרנישט, שאַפט גאָרנישט, איז מער גאָרנישט מחדש — אָט אין די טעג לעבט ער. נישט בלויז „שבת" פון דער אַרבעט, נאָר אויך „וינפש", זיך אָפּגערוט, צוריק באַקומען דעם נפש, דעם אייגענעם איך. ער האָט צייט זיך צו פאַרטראַכטן וועגן זיין אייגן לעבן: וואָס, ווען, נאָך וואָס און נאָך ווען.

וויל מען זיך נישט פאַרעקשענען צוליב עם הארצות (מען האָט שוין געזאָגט: סתם מקשן — עם הארץ און דאָס זעלבע איז אויך חל אויף א סתם עקשן...) מוז מען דאָך מודה זיין, אַז דער אייגענער „איך", דער „איך" וואָס מאַכט דעם ייד פאַר דעם „איך", איז נישט דערמיט וואָס אַלע מענטשן עסן ברויט, אַרבעטן און שלאָפן און פאַרברענגען אַזוי זייער לעבן. אפילו דאָס הולטייען פון מענטש מאַכט אים נאָך נישט פאַר דעם אייגענעם „איך".

עסן, טרינקען דאַרף מען, כדי מען זאָל קענען לעבן. אפילו שפּאַצירן, פאַרוויילן זיך איז א בשותפותדיקע זאַך פאַר אַלע מענטשן. דער אייגענער „איך" קומט צום אויסדרוק, נאָר ווען דער מענטש רוט מנוחה שלמה. דאַן פילט ער אַז דאָס לעבן האָט אין זיך אויך קדושה. און אָט אין די שעהן פון פול־קאָמער רו אין זיינע אייגענע ד' אמות נישט אין דעם גאַנצן הו־האַ — פאַרטראַכט זיך דער מענטש אַביסל וועגן דעם אייגענעם „איך". מאַכט זיך זיין חשבון הנפש. ער וויל מקיים זיין דעם „דע את עצמך", דערקענען דיך אַליין: ווער ביזטו, וואָס ביזטו. ווען דער מענטש דערקענט זיין אייגענעם איך, דעם נפש זיינעם — דאַן ווערט דער מענטש א בן־חורין, א באַפרייטער

פון דער סביבה, פון דער אומגעבונג, פון געוווינהייטן, פון צו־פּאַסן זיך צו אַנדערע. ער ווערט דאָס וואָס ער איז.

אַ בן־חורין איז נישט דער וואָס ווערט מיטגעריסן מיטן שטורעם, עסט און טרינקט, פּאַרוויילט זיך, ווייל אַזוי טוען אַלע אַנדערע אויך; אַ בן־חורין איז נישט דער וואָס האָט נישט קיין שיקול־דעת „איידער ער גייט אַ גאַנג, זאָל אים נישט טאָן באַנג". אַ בן־חורין איז דער וואָס קען באַהערשן אַלע זיינע רצונות, דורכ־זוכן זיי ביז די טיפענישן פון דער אייגענער נשמה, פון דעם אייגענעם איך — צי די רצונות זיינען באמת זיינע אייגענע, וועלכע דרינגען אַרויס פון די טיפע טיפענישן פון זיין אייגענעם איך, אָדער די רצונות זיינען נישט מער ווי אַן אויסדרוק פון אַן אויבערפלעכלעכן אויפברויז פון בייזע בלוטן, אַ רעזולטאַט פון שלעכטע געדאַנקען, פון שלעכטע חברים.

אַ בן־חורין איז דער, וואָס קען זיך רעווידירן פאַר דער מעשה און אויך שפּעטער; ער קען מקיים זיין דעם „חייב אדם לראות את עצמו", זיך אַליין דאַרף מען קענען דערזען. „כאילו הוא יצא ממצרים", ווי ער זעלבסט איז אַרויסגעגאַנגען פון מצ־רים, ווייל ער איז אַ בן־חורין אין די טיפע טיפענישן פון זיין נשמה, פון זיין מענטש; ער איז אַרויס פון מצרים נישט, ווייל די מצרים האָבן אים לבסוף אַרויסגעיאָגט און אפילו נישט, ווייל משה רבנו האָט אים אַרויסגענומען, נאָר כאילו הוא יצא ממצרים. ער איז אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, ווייל ער אַלס ייד, אַלס אַ בן אברהם יצחק ויעקב האָט זיך געפילט אַלס בן־חורין אפילו ווען די מצרים האָבן אים פאַרשקלאַפט. און ווייל ער איז געווען אַן אינערלעכער בן־חורין אפילו בשעת ער איז געווען

פארשקלאפט אין מצרים, איז ווען נאָר עס איז געקומען די צייט איז ער אליין ארויסגעגאנגען פון מצרים. נישט ווייל מען האָט אים גערופן און נישט ווייל משה רבנו האָט אים ארויסגענומען.



אויך אין אונזער דור „חייב אדם לראות את עצמו" דעם אייגענעם איך. וועט ער זעען אַז די גויאישע וועגן אין וועלכע מען וויל גיין אין לעבן זיינען נישט אייגענע, זיינען פרעמדע, וועלכע מאכן אונז פאַר שקלאַפן.

„כאילו הוא יצא ממצרים", ווייל ער האָט נישט געוואָלט א מצרי ווערן, נישט געוואָלט פארלייקענען דעם אייגענעם איך; נישט געוואָלט צופאסן זיך צו א פרעמד לעבן און ווערן אַן אַנ־דערער.

„חייב אדם לראות את עצמו" ווערט אויך געזאָגט צו די יידן, וועלכע זיצן נאָך אין פרעמדע לענדער, רופט זיי גלות, רופט זיי חוץ־לארץ, רופט זיי תפוצות. דאָס איז נישט קיין אונטער־שיד. לויט אַלע נוסחאות זיינען דאָס פרעמדע לענדער און אַז מען איז אין דער פרעמד, ווערט מען פארפרעמדט פון דער אייגענער היים, מען פארגעסט אַמאָל אפילו אייגענע טאטע־מאַמע, שוועסטער און ברודער. און מען ווערט אַן אנדערער, אַ פרעמדער. עס גייט אַמאָל אזוי ווייט, אַז מען וויל זיך אינגאנצן אָפרייסן פון די אייגענע, אָפפרעמדן זיך פון זיי, פארגעסן, פארטושן דעם אייגענעם „איך", כדי מען זאָל אים נישט חושד זיין אין „דאָפּל־טער לאָיאַליטעט".

קומט דער בעל־הגדה של פסח און זאָגט צו דעם ייד: „חייב

אדם לראות את עצמו" און אין דער פרעמד הערט דאָס עצמיות אויף. און עס איז דאָ נאָר איין וועג אָפּצוראַטעווען דעם „עצמו", דאָס עצמיות, „כאילו הוא עצמו יצא ממצרים", צוליב דעם עצמיות דאַרף מען אַרויסגיין פון מצרים, פון אַלע מצרימס, צי פון די וועגן וועלכע מען זאָגט „זכרנו את הדגה", צי פון די „אשר מצרים לוחצים אותם".

אָבער די יציאת מצרים אַמאָל און היינט, די יציאה פונעם נכר, פון דער פרעמד, פון פרעמדקייט, דאָס גיין אַהיים — דאַרף נישט זיין אַ חשבונדיקס, אַן אויסגערעכנטעס, אַן אָפּהענ־גיקס פון די באַדינגונגען. די יציאה דאַרף זיין, כדי זיך אויס־לייזן פון דער פרעמדקייט, פון דער שטענדיק פרעמדיקער מאַסקע. דאָס קומען אַהיים דאַרף זיין פון דעם ווילן צו זיין אַ בן־חורין, צו דערקענען זיך אַליין, צו זיין וואָס מען איז און וואָס איז מען, ווייסן מיר דאָך אַלע: מיר זיינען יידן. פאַר דעם זיינען מיר אין גלות, פאַר דעם האָט מען אונז פיינט, פאַר דעם ווילן מיר זיך באַפרייען פון די שלעכטע און גוטע גויים צוזאַמען און זיך געפינען ווי אַ ייד צווישן יידן און ממילא זיין אַ מענטש צווישן מענטשן...



„שלא אחד בלבד עמד עלינו לכלותנו". נישט איינער, וועל־כער איז געווען אַ קאַפּיטאַליסט, האָט אונז געוואָלט פאַרניכטן, ווייל מיר זיינען סאָציאַליסטן; נישט איינער, וועלכער איז אַ סאָציאַליסט, האָט אונז געוואָלט פאַרניכטן, ווייל מיר זיינען קאַפּיטאַליסטן; ניין. נישט איינער אַליין צוליב דער אָדער אַנ־דערער סיבה. ניין. „שבכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו". יעדער

דור האָט זיך געפונען אַ תירוץ פאַרוואָס אונז צו פאַרניכטן. די סיבה איז, ווייל מיר זיינען יידן, ווייל מיר זיינען אַנדערש ווי גויים. מיר קענען נישט זיין קיין גויים. אפילו די, וואָס ווילן נאָכ־מאַכן די גויים, קומט אַ שיינער פרימאָרגן און די גויים וואַרפן זיי דעם גט אין פנים: איר זענט נישט קיין גויים. איר זענט געווען און איר זענט און איר וועט בלייבן יידן.

און דאָס איז דער ריינער אמת. דער אמת לאמיתה: אַ ייד בלייבט אַ ייד.

און אויב עס איז אַזוי, אַז אַ ייד בלייבט אַ ייד, נאָך וואָס דאַרף ער זיין אַ געצוווּנגענער ייד, ווייל די גויים ווילן אים נישט אנערקענען אַלס גוי, איז דאָך שוין גלייכער צו זיין און בלייבן אַ ייד, ווייל מען איז אַ ייד.

„חייב אדם לראות את עצמו"... דאַן ווערט מען אַן אמתער בן־חורין.

# גאולה אויף פאַרן יחיד

בכל דור ודור חייב אדם לראות את עצמו כאילו
הוא יצא ממצרים... (הגדה)

איינער פון די סימני־הגאולה איז, אז נישט בלויז דער כלל־ישראל ווערט אויסגעלייזט, נאָר אויך ר' ישראל. און כל זמן דער יחיד, דער איינצלנער מענטש פילט נישט, אז אויך ער איז אויסגעלייזט געוואָרן מיטן פאָלק — איז די גאולה נישט גאַנץ, איז עס נישט קיין גאולה שלמה.

דעריבער זאָגט אונז דער בעל־הגדה, אז אין יעדן דור, אין יעדער תקופה, ווען מען רעדט פון גאולה (און די גאולה פון מצרים איז דער סימבאָל פאר אַלע איבעריקע גאולות פון יידישן פאָלק), איז יעדער ייד מחוייב זיך צו באַטראַכטן ווי ער אַליין וואָלט אין יענער צייט, בשעת יציאת מצרים, ארויסגעגאַנגען פון מצרים. ער דאַרף פילן, אז מצרים איז געווען א שקלאַפן־לאַנד נישט בלויז פארן פאָלק ישראל, פאַר זיין פאָליטישער אָדער גייסטיקער פרייהייט, נאָר מצרים איז אויך געווען א שקלאַפן־לאַנד פאַר יעדן יחיד, פאַר יעדן ייד, אפילו ווען ער האָט געוואָלט ווערן א מצרי, זיך פירן און לעבן ווי א מצרי. און ווען די באַ־

פרייאונג איז געקומען, איז עס געווען נישט בלויז פאַרן קאָ־לעקטיוו, וואָס האָט זוכה געווען צום מעמד הר־סיני, נאָר עס איז געווען אַ באַפרייאונג אויך פאַר דעם יחיד.

און כל זמן דער יחיד האָט נישט געפילט, אַז די שעה פון באַפרייאונג האָט געקלונגען אויך פאַר אים, און עס האָט אים געפעלט דאָ פליש, דאָ וואַסער א. א. וו. איז געווען „וילונו". האָבן די יחידים זיך רעוואָלטירט און זיי האָבן מיטגעריסן מיט זיך דאָס גאַנצע פאָלק, אַזוי ווייט, אַז גאָר אַ גרויסער טייל האָט אָנגעהויבן שרייען: צוריק קיין מצרים! די אומצופרידנקייט פון די יחידים האָט געברענגט צו דעם, אַז יידן זיינען געזעסן אָדער געוואַנדערט איבעריקע פערציק יאָר אין דער מדבר, ביז די אומצופרידענע זיינען אויסגעשטאָרבן, ווייל מען האָט נישט געקענט צופרידנשטעלן אַלע יחידים, אַז זיי זאָלן אַלץ האָבן פונקט אַזוי ווי אין גלות, ווי אין מצרים דעם סיר־הבשר. און ווייל זיי האָבן נישט געפילט די אינדיווידועלע גאולה, נאָר די גאולה פונעם כלל, האָבן זיי ביי יעדער שוועריקייט געוואָרפן דעם גט אין פנים און געשריגן, אַז זיי זיינען מוותר הן אויף דער גאולה, הן אויף דער תורה און האָבן אפילו אַן עגל געמאַכט.



דער כוח פונעם יידישן פאָלק אויסצוהאַלטן אַזוי פיל גלותן און צרות איז אין אַ גרויסער מאָס אויך אַ רעזולטאַט, וואָס נישט בלויז דאָס יידישע פאָלק איז געווען פאַרשקלאַפט, נאָר אויך יעדער יחיד. און דעריבער האָט נישט בלויז דאָס פאָלק, דער קאָלעקטיוו, געבענקט און געלעכצט נאָך דער נאַציאָנאַלער

באפרייאונג, נאָר אויך יעדער יחיד האָט געבענקט נאָך דער גאולה. ער האָט זיך געזען פאַרשקלאַפּט און ער האָט זיך געוואָלט זען אויסגעלייזט מעבדות לחרות.



דעריבער מוז די גאולה, כדי זי זאָל זיין א גאולה שלמה, האָבן אין זיך אויך דעם יחיד, דעם איינצלנעם מענטש. די נאַציאָנאַלע באַפרייאונג מוז מיט זיך ברענגען אינדיווידועלע באַפרייאונג. א פאָלק, וואָס באַפרייט זיך פון פרעמדן יאָך און ווערט נאַציאָנאַל זעלבסטשטענדיק, מוז זאָרגן, אַז זיינע קינדער זאָלן נישט ווידער פאַרשקלאַפּט און פאַרקנעכט ווערן ביי זיך אליין אין דער אייגענער מדינה.

נישט אומזיסט איז דער גרעסטער טייל פון דער תורה, וואָס מיר האָבן באַקומען פון הר סיני, נאָכן ארויסגיין פון מצרים, דער וועג־ווייזער פאַרן פּריוואַטן לעבן פון מענטש; די געזעצן זיינען געווידמעט צו רעגולירן די באַציאונגען פון איין מענטש צום צווייטן. זיי גאַראַנטירן יעדן מענטש גלייכע רעכט צו געניסן פון ג־טס וועלט און פאַרפליכטן אים צוריקגעבן דורך ארבעט, וואָס ער נעמט פון דער וועלט.

דעריבער לערנט מען אונז, אַז א פרייער מענטש איז נאָר דער, וואָס לערנט תורה און אויב אַלע זין פון פאָלק וועלן לערנען תורה — וועט דאָס גאַנצע פאָלק זיין א פריי פאָלק, א בן־חורין.

אזא פאָלק, וועמענס זין עס פילן זיך פריי, פילן, אַז דאָס פאָלק, די מדינה, די מלוכה זאָרגט פאַר יעדן יחיד, פאַר זיין

ווייל, פאר זיין עקזיסטענץ — אזא פאָלק איז זיך קיינמאָל נישט מתייאש פון דער גאולה. די זין פון אזא פאָלק לאָזן נישט זיך מייאש זיין. זיי ווארטן אויף דער גאולה, זיי זיינען גרייט זיך מקריב צו זיין פאר דער פריוואטער און נאציאָנאלער גאולה.

מען האָט אונז געלערנט: ללמוד וללמד, לשמור ולעשות ולקיים.. באהבה.

אליין לערנען, אנדערע לערנען, וואָס? — אָפּהיטן די תורה און אלץ טאָן מיט ליבע, באהבה. און ליב האָבן קען מען נאָר, ווען מען פילט און מען גלויבט, אז אלץ, וואָס מען פאָדערט פון אים, ער זאָל טאָן, איז אויך אין זיין אינטערעס, אין זיין פערזענלעכן נוצן, פאר זיין פרייהייט און דער פרייהייט פון זיינע קינדער, דאן קען ער אויך אלץ טאָן, וואָס עס איז נויטיק פארן לאנד, פארן פאָלק.



ווען קען דער מענטש זיך פילן און זיין זיכער, אז געזעצן, וועלכע די מדינה נעמט אָן, זיינען פאר זיין טובה ווענן — ווען די געזעצן מאכן נישט קיין אונטערשיד צווישן קלאס־, פארטיי־אָנגעהעריקייט א. א. וו. „תורה אחת יהיה לאזרח ולגר הגר בתוככם".

און ווען עס פילט זיך פארביטערונג צווישן דער באפעל־קערונג, ווען מען באקלאָגט זיך אויף דיסקרימינאציע, ווען מען באפאָרצוגט נישט ווען עס קומט, נאָר וועמען מען וויל — קען מען זיך נישט פילן „ווי מען וואָלט ארויסגעגאנגען פון

מצרים". דאַן פילט מען זיך ווי אין אייגענעם לאַנד וואָלט מען נעוועזן שקלאַפן און דאַן ווערט דער גאַנצער גאולה־אינהאַלט פון דער מדינה געשטעלט אונטער אַ פראַגע־צייכן.

ווען מענטשן פילן זיך נישט פריי צו זאָגן, וואָס זיי טראַכטן, צו געהערן צו דער פּאַרטיי, וועלכע איז זיי נאָענט, צו דערציען זייערע קינדער, ווי זיי גלויבן — דאַן קענען זיי נישט פילן, אַז זיי זיינען שוין אַרויס פון מצרים.

מדינת ישראל, מלכות ישראל, ממשלת ישראל איז אַן אָנזאָג פון גאולה פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק, סיי פון דעם חלק, וועלכער לעבט שוין אין ישראל, סיי פון דעם חלק, וועלכער לעבט נאָך אין חוץ־לארץ. אָבער גלייכצייטיק דאַרף מדינת ישראל טראָגן פרייהייט און גליק, גלייכע רעכט און גלייכע פליכטן פאַר אַלע אירע איינוווינער.

נאָר דאַן וועט יעדער ייד אין מדינת ישראל זיך פילן „כאילו הוא יצא ממצרים"...

אויף די יידן ליגט אויך די פליכט, זיי זאָלן זיך זען, ווי זיי זעלבסט וואָלטן אַרויסגעגאַנגען פון מצרים. דאָס איז אָבער גוט געוועזן, כל זמן עס איז נישט געוועזן קיין מדינת ישראל. האָט מען געקענט יוצא זיין מיט זאָגן. היינט צו טאָג, ווען מיר האָבן ב"ה זוכה געווען צו מדינת ישראל — קען מען מקיים זיין די מצווה פון „חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא ממצרים" נאָר אין ארץ־ישראל. נאָר דאָ קען מען פילן, אַז נישט בלויז אונזערע זיידעס זיינען אַרויס פון מצרים, נאָר מיר אַליין, יעדער איינער איז אַרויס פון מצרים...

# יידן ווילן סדר...

א.

„ביי יידן איז נישטאָ קיין סדר״ — אַזוי איז אָנגענומען ביי די גויים. זיי טייטלען מיט די פינגער אויף דעם מכלומרשטן פעלער אונזערן. און מיר שאָקלען צו מיטן קאָפּ. מיר זיינען נאָך מוסיף: ביי יידן קען נישט זיין קיין סדר...

די אַקסיאָמע האָט אין זיך אַזוי פיל אמת ווי אַ סך בלבולים, וואָס מען האָט אויסגעטראַכט אויף יידן. דער אמת איז: אַז מיר האָבן קיינמאָל נישט געוואָלט אָננעמען דעם „גויאישן סדר״. מיר האָבן נישט געוואָלט אים אנערקענען, ווייל מיר האָבן זייער „סדר״ געהאַלטן פאַר „אומאָרדענונג״. דעריבער האָבן מיר זיך אים אַנטקעגנגעשטעלט. זייער „סדר״ איז שטענדיק געווען און איז נאָך, אין זייער אַ גרויסער מאָס, ליידער, נאָך היינט — אוועקצושטעלן אונז יידן „מחוץ לסדר״. „יידן — נישט״. אונז האָט מען געשטעלט „אויסערן געזעץ״. דעריבער האָבן מיר זיך רעוואָלטירט קעגן אַזאַ „סדר״. די גויים האָבן אונז טאַקע מיט רעכט געזען ווי די, וועלכע שטערן „זייער סדר״. דער סדר, וועלכער האָט געפאָדערט מיר זאָלן זיין „אויסערן סדר״.

מיר זיינען עדות דערפון אויך ביים היינטיקן טאָג, ווען מיר

האָבן פאַרגאָסן אַזוי פיל בלוט (ווייל אַנדערע האָבן אונז גע־צוואונגען צו פאַרגיסן בלוט), בכדי זוכה צו זיין צו אַ שטיקעלע סדר, לפּחות אין אַ שטיקעלע פון אונזער ארץ־ישראל, לפּחות אין אַ שטיקעלע פון אונזער ירושלים. (איצט האָבן מיר שוין זוכה געווען, אַז גאַנץ ארץ־ישראל איז מדינת ישראל און גאַנץ ירושלים איז אונזער רעזידענץ).

וואָס ווילן מיר דען איצט אין מדינת ישראל, מער ווי אַ שטיקל סדר? וואָס פאַרלאַנגען מיר פון די וואָפנשטילשטאַנד־קאָמיסיעס און פון זיכערהייטס־ראַט, מער ווי מען זאָל אונז דאָ לאָזן לעבן בסדר? און דווקא זיי, די גויים, וועלכע האָבן שטענדיק צו אונז טענות, אַז מיר האָבן נישט ליב קיין סדר — זאָגן אונז: די מצריים, די סיריער, די יאָרדאַניער — זיי מעגן אַריינדרינגען אין מדינת ישראל, רצחנען, גזלנען, ראַבעווען אַלץ וואָס זייער האַרץ גלוסט. זיי מעגן מאַכן אומאָרדענונג ביי אייך אין מדינת ישראל, מעגן שטערן דעם סדר. נאָר איר יידן, איר מדינת ישראל זאָלט נישט פּרוון חלילה צו רעאַגירן אויף דעם אומסדר, וואָס אַנדערע מאַכן ביי אייך... אָט דאָס איז דער גוישער סדר: ביי אונז צו מאַכן אומאָרדענונג, אונז צו שטערן דעם סדר. און מען פאָדערט נאָך פון אונז, מיר זאָלן זיי דאַנקבאַר זיין פאַר דעם, אַז נישט, טאַדלט מען אונז, אַז מיר זיינען די שטערער פון סדר...

אָט־דאָס איז דער „סדר” פון די גויים, וואָס פיל ביי אונז בענקען נאָך אים.

דאָס איז אונזער אומגליק: מיר האָבן אַקצעפּטירט דעם בלבול קעגן אונז. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן איינרעדן, אַז מיר

זיינען קענן סדר. און פיל ביי אונז נאָך היינט האַלטן, אַז אַלע אַרום אונז ווילן סדר, נאָר מיר, משטיינס געזאָגט, שטערן אים.

וויפיל וויצן, פאָלקלאָר, לעגענדעס און מעשיות זיינען געשאַפן געוואָרן אַרום דעם בלבול, אַז מיר האָבן נישט ליב קיין סדר, וואָס מיר האָבן אַקצעפּטירט אַלס אמת, אַלס „יידישע מדה" כלומרשט.

די לעגענדע וועגן יידישן אומסדר דאַרף מען אויסרייסן מיטן וואָרצל, איצט באַזונדער, ווען מיר הויבן פון אויפסניי אָן אַ מדינה־לעבן, אין וועלכן מיר ווילן עס זאָל זיין סדר...

בעצם, דער גאַנצער יידישער וועזן איז שטרעבונג און בענקשאַפט נאָך סדר, נאָך אָרדענונג, נישט בלויז אין זיין אָרט לעבן. ער וויל סדר, און דאָס איז זיין העכסטער אידעאַל, אין דער גאַנצער וועלט־אָרדענונג. אומסדר, אומאָרדענונג איז קעגן דער גאַנצער יידישער אויפפאַסונג.

די יידישע וועלט־אויפפאַסונג:

עס איז געווען תוהו ובוהו, האָט דער רבונו של עולם גע־מאַכט אָרדענונג. באַשטימט געזעצן פאַר דער נאַטור, פאַר בהמות און חיות, פאַר מענטשן, פאַר פעלקער. אפילו גרענעצן פאַר פעל־קער: „יצב גבולות עמים".

דער יידישער סדר איז: „חרות" — פרייהייט פון מענטש און פאָלק, פריי פון פאַרקנעכטונג צו די חיהשע אינסטינקטן, פריי פון פאַרשקלאַפן איין מענטש דעם צווייטן, איין פאָלק דאָס צוויי־טע. סדום, בבל און אַלע גלותן זיינען נישט מער ווי שטערן דעם

סדר, די וועלט־אָרדענונג, און די לעבנס־באַרעכטיקונג פון דעם גאַנצן דאָ־זיין און זיין פרייהייט.

די גאַנצע תורה, אַלע דינים פון תורה שבכתב און תורה שבעל־פה איז נישט מער, ווי אָפּצוהיטן דעם ג־טלעכן און מענטשלעכן סדר און דעם סדר פון אַלע באַשעפענישן — פון פרייהייט פון מענטש און פאָלק.

שבת און יום־טוב, כשר און טריפה, טמא און טהור, הייליק און וואָכעדיק, כלאיים און שעטנז — וואָס זיינען די אַלע חוקים און דינים, אויב נישט צו דערציען דעם מענטש און ייד, ער זאָל קענען לעבן לויט אַ מענטשלעך־יידישן סדר. די אַלע דינים וועגן נשואין וגרושין, דאָס גאַנצע יידישע פאַמיליע־לעבן, וואָס איז עס דען, אויב נישט צו האַלטן דעם ייִדיש־מענטשלעכן סדר.

און אַלע געזעצן אויף דעם געזעלשאַפטלעך־סאָציאַלן געביט פון תורה שבכתב און תורה שבעל־פה, זיינען דען מער ווי האַלטן סדר אין די באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש?

חומשים, נביאים, משנה, תלמוד, ארבע שולחן־ערוך׳ס, חושן־משפט׳ס א. א. וו. וויפיל סדר שטעקט אין דעם אַלעם. און טאָמער טרעפט אַמאָל, אַז עס דאַכט זיך, אַז איין וואָרט, איין נקודה שטייט נישט אויף זיין אָרט, איז הימל עפן זיך. ברעכט מען זיך דעם קאָפּ אויסצוגעפינען: פון וואַנען קומט דער פאַל פון נישט־סדר און מען פרווט זוכן פאַרשידענע סיבות דערצו.

ווייזט דאָס אַלץ נישט, ווי מיר יידן, ווען מיר לעבן, פילן

און טראַכטן ווי יידן, ווי פילבאַר מיר זיינען אויף דעם, אַז עס זאָל אָפּגעהיטן ווערן דער סדר ?

דער גאַנצער קאַמף, וואָס דאָס יידישע פאָלק פירט מיט זיך און אַנדערע, מיט דעם גלות, פאַר ארץ־ישראל, איז נישט מער ווי אַן אייביקער געראַנגל מיט זיך און אַנדערע, אַז מיר זאָלן קענען זיין דאָס, וואָס מיר זיינען, זאָלן קענען לעבן לויט אונזער סדר (לעבן לויט אַ פרעמדן סדר — הייסט תוהו ובוהו) אין אונ־זער לאַנד.

ווען מיר האָבן אונטער דעם איינפלוס פון פרעמדע פעלקער, פרעמדע קולטורן, פרעמדע שפּראַכן, פרעמדע סדרים, פאַרנאַכ־לעסיקט אונזער אייגנאַרטיקן סדר — האָט זיך אָנגעהויבן אונזער אומנאָרמאַלקייט, איז געקומען צום העכסטן פּונקט פון נישט־סדר, פון גלות... גלות איז דער גרעסטער שונא פון סדר, פון סדר פאַר דער גאַנצער וועלט און ספּעציעל פאַר דעם יידישן פאָלק.

די גויים האָבן נאָך איין טעות. זיי מיינען, אַז גלות הייסט אומאָרדענונג בלויז פאַר יידן. דער אמת איז, אַז גלות הייסט אומאָרדענונג אויך פאַר זיי, פאַר די גויים.

דער אמת איז דאָך, אַז מיר יידן האָבן אַביסל צעטרייסלט דעם סדר ביי די גויים. עס איז דאָך נישטאָ קיין געביט אין לעבן, וווּ דער ייד האָט נישט געשטערט דעם גויאישן סדר, האָט נישט אַריינגעברענגט עפּעס יידיש אין דעם גויאישן סדר.

מיר יידן לעכצן און בענקען נאָך אַביסל סדר. און די גאַנצע אומצופרידנהייט אין מדינת ישראל איז דאָך אויך נישט מער ווי אַן אויסדרוק פונעם ווילן, עס זאָל זיין מער סדר...

גלות הייסט: נישט קיין סדר; גאולה — איז סדר, אָרדע־נונג. ווען מיר אַלע אין מדינת ישראל און די יידן אין גלות וועלן אָנהייבן פילן, אַז מיר קענען מאַכן אַ סדר, אַן אמתן יידישן סדר, דאַן וועט די אתחלתא דגאולה פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גאולה שלמה, דאַן וועלן אויך אויפהערן די אינערלעכע אַרומרייסענישן, דאַן וועלן מיר און אַנדערע זען, אַז: „אכן, יש סדר לישראל ובישראל!".

פון יציאת מצרים ביז היינט האָבן מיר נישט אויפגעהערט אָפּצוריכטן דעם סדר פּסח בייַנאַכט, געעפנט די טיר און געזאָגט „שפוך חמתך" אויף די אַלע, וואָס האָבן אויף אונז אויסגעטראַכט דעם בלבול, אַז מיר ווילן נישט קיין סדר, אַז מיר האָבן נישט ליב קיין סדר.

ביי שקלאַפן איז נישטאָ קיין סדר, מענטשן פרייע קענען לעבן מיט סדר.

— השתא עבדי, לשנה הבאה בני־חורין — האָבן מיר גע־זאָגט צוויי טויזנט יאָר. און עס זאָגן עס נאָך מיליאָנען יידן אין גלות. זאָלן מיר דאָ אין מדינת ישראל פילן דעם חרות און אָפּ־היטן דעם אמתן יידישן סדר...

# עבדים היינו...

מפרשי התורה (נתיבות חיים) האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם וואָרט „היינו", במקום עס האָט געדאַרפט שטיין „עשוני". דער אונטערשיד איז: „עשונו" הייסט, אַז זיי, די מצריים האָבן אונז געמאַכט פאַר שקלאַפן קעגן אונזער ווילן... „היינו" הייסט: מיר זיינען געווען אָדער געוואָרן שקלאַפן פון אייגענעם ווילן. און אין מצרים זיינען מיר געווען שקלאַפן פון אייגענעם ווילן. מיר האָבן געוואָלט זיין שקלאַפן. מיר האָבן נישט געוואָלט זיין קיין „בני־חורין", צו זיין פרייע מענטשן, דאָס וואָס מיר זיינען: יידן. מיר האָבן געוואָלט זיין מצרים, זיך אַסימילירן, נאָכמאַכן די מצרים, פאַרשקלאַפן זיך צו די מצרים גייסטיק, און ערשט דערנאָך איז געקומען די פאַרשקלאַפונג דורך די מצרים בעבודה קשה, בחומר ובלבנים.

די בעלי הגדה ווייסן דעריבער צו דערציילן, אַז די מצרים האָבן געאַרבעט מיט די יידן „בפה־רך"... מיט אַ ווייך מויל. אפילו פּרעה האָט זיך מכלומרשט אוועקגעשטעלט אַרבעטן צוזאַמען מיט די יידן, זיי געזאָגט: איך וויל פּשוט זאָרגן איר זאָלט האָבן באַשעפטיקונג, פּרנסה. דערנאָך האָט ער זיי אוועקגעשטעלט שוטרים און נוגשים און זיי דערקלערט דעם אמת, אַז ער וויל זיי פּייניקן,

לענותם בסבלותם. דערנאָך איז פון דעם „בפה־רך" געוואָרן „בפרך", שווערע ביטערע פאַרשקלאַפונגס־אַרבעט, וועלכע האָט צעבראָכן די יידן פיזיש און גייסטיק.



א פאָלק קען מען נישט פאַרשקלאַפן פיזיש, פּאָליטיש, נאַציאָנאַל, כל זמן דאָס פאָלק פילט זיך אַלס בן־חורין, אַלס אַ פריי פאָלק גייסטיק. דאָס הייסט, אַז ס'האַנדלט נישט ווי די, וועלכע קומען און ווילן אים פאַרשקלאַפן ; כל זמן עס פילט זיין אייגנאַרטיקייט און לעבט אין זיין איך — דאַן ווען אפילו פרעמדע פּרוּוון עס פאַרשקלאַפן פיזיש א. א. וו. רעוואָלטירט זיך דאָס פאָלק, שטעלט זיך אַנטקעגן, קעמפט פאַר זיין איך, און אפילו ווען דעם שונא געלינגט אַמאָל צו פאַרשקלאַפן אַ „פריי פאָלק", געדויערט עס אַ געוויסע צייט, און דאָס פרייע, צייטווייליק פאַרשקלאַפטע פאָלק, געפינט אַן עת־רצון זיך צו באַפרייען.

יידן אין מצרים, נאָכדעם ווי יוסף איז געשטאָרבן, האָבן זיך פאַרליבט אין די מצריים, זיך אָנגעהויבן צו אַסימילירן. דער מצרישער לעבנס־אַרט האָט נישט געוווּסט פון „לא", אַז עס זיינען דאָ זאַכן וואָס מען דאַרף נישט טאָן, „לא תעשה". אַלץ מעג מען. דאָס איז זייער לייכט. אַ הפקר־לעבן, אָן צווימען, אָן „לא". און די יידן זיינען געוואָרן מיטגעריסן מיט דעם שטראָם : „הללו עובדי עבודה זרה והללו עובדי עבודה זרה". די גויים אָבער קענען נישט ליידן די „נאָכגעמאַכטע" גויים. זיי האָבן נישט קיין צוטרוי צו „יידישע" גויים. זיי זיינען חושד די „נאָכ־

געמאַכטע" גוייִם אין „דאָפּלטער לאָיאַליטעט", אין „נאמנות כפולה", „ועלה מן הארץ". פּרעה איז חושד יידן, אַז דאָס נאָכ־מאַכן די מצרים, דאָס פּרוּוון זיך אַסימילירן, איז נישט מער ווי אַן אָנשטעל: „ועלה מן הארץ", כדי צו געבן פרעמדע, דעם שונא פון מצרים, ועלה. דער שונא פון מצרים וועט מצליח זיין „מן הארץ", דורך די יידישע פאַרעטער, וועלכע זיצן אין לאַנד... דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דער „תכבד העבודה על האנשים ויעשו בה" (זיי וועלן זיין באַשעפטיקט אין דער אַרבעט) „ואל ישעו בדברי שקר", און וועלן זיך נישט פאַרנעמען מיט פּאָליטיק...

די יידן האָבן זיך אָבער נישט געוואָלט אָפּרייסן פון דער נויאישער מצרישער קולטור: „ויצעקו מן העבודה". זיי האָט נאָר פאַרדראָסן וואָס מען גלויבט זיי נישט, אַז זיי זיינען גוטע מצרים און מען פייניקט זיי. זייער געשריי און פּראָטעסט איז נאָר געווען מן העבודה... נישט די פאַרשקלאַפונג. עבדים, שקלאַפן, היינו, זיינען מיר געווען פון אייגענעם ווילן... משה רבנו, וועל־כער האָט דאָס געזען, האָט נישט געגלויבט, אַז יידן וועלן טאַקע וועלן אויסגעלייזט ווערן פון גלות. אַ מקלט בטוח — יאָ, גאולה — ניין. גאולה הייסט דאָך זיין פריער גייסטיק אַ בן־חורין... דעריבער האָט דער רבונו של עולם געזאָגט: „והוצאתי אתכם מתחת סבלות מצרים", איך וועל פון אייך אַרויסנעמען די „סבל־נות" פאַר דער מצרישער קולטור. דער רבונו של עולם האָט געמוזט מבטיח זיין משהן „בהוציאך את העם מצרים יעבדון את האלוקים על ההר הזה", אַז דו וועסט אַרויסנעמען די יידן פון מצרים, וועלן זיי זיך באַפרייען פון מצרישן קולט, זיי וועלן

צוריק ווערן וואָס זיי זיינען, בני אברהם יצחק ויעקב, זיי וועלן דינען צוריק דעם ג־ט פון אברהם יצחק און יעקב...



עס טרעפט אָבער, אַז אויך ווען מען „מוז" אַרויסגיין פון מצרים, אפילו ווען מען קומט קיין ארץ־ישראל, קען מען זיך נישט באַפרייען פון דעם גויאישן הפקר־לעבן, אַ סך מאָל גייט מיט דער „ערב־רב", די „רעגיסטראַציע־יידן", „רעגיסטראַציע־גויים", אָדער סתם „רשעים", און זיי זאָגן: מה העבודה הזאת לכם? ער אַליין האָט זיך שוין באַפרייט פון תורה און מצוות. ביי אים איז אַלץ כשר וישר, ער מעג אַלץ. ער האָט שוין לאַנג אַוועקגעוואָרפן דעם „לא". אים שטערט אָבער וואָס עס זיינען דאָ יידן, וואָס דווקא דער „לא" איז דער יידישער סימן־היכר, דער יידישער איך. די יידן שטערן אים אין זיין הפקר־לעבן, זיי דערמאָנען אים, אַז זיי קומען קיין ארץ־ישראל נישט בלויז פאַר אַ מקלט בטוח, נאָר פאַר גאולה, און גאולה הייסט, נישט וועלן נאָכטאָן אַנדערע, נישט פאַרלייקענען דעם אייגענעם „איך". דאָס קען נישט ליידן נישט דער רשע און נישט די „רעגיסטראַציע־יידן" און ער שטורעמט: „מה העבודה הזאת לכם". דאָס וואָס עס זיינען דאָ יידן, וואָס פילן אין ארץ־ישראל גאולה פון פרעמדקייט, פון גויאישקייט — דאָס קען ער נישט פאַרטראָגן און שטורעמט, לייגט־איין וועלטן: מה העבודה הזאת לכם... „לכם — ולא לו"! ער האָט סיי ווי אַלץ אַוועקגעוואָרפן, ער האָט אָבער נישט קיין מנוחה, ער קען נישט זען די „עבודה זאת לכם"...

און דער בעל־הגדה זאָגט: דער רשע, וואָס ער האָט שוין

פון זיך אראָפּגעוואָרפן די גאַנצע יידישקייט — הקהה את שניו...
זאָג אים, ער זאָל נישט פאַרדרייען דעם קאָפּ. לא — לו. ער האָט
דאָך סיי ווי פון גאָרנישט, נאָר זאָג אים: „בעבור זה", פאַר
דעם צו זיין אַ ייד, „עשה ד' לי בצאתי ממצרים". דאָס גאַנצע
אַרויסגיין פון מצרים, דאָס צוריקגיין קיין ארץ־ישראל, איז
„בעבור זה" צו זיין אַ ייד...



די פראַגע איז נישט: „מי הוא יהודי", די פראַגע איז „מה
זה יהודי", וואָס איז אַ ייד. און דאָס איז אַ פּשוטע זאַך: אַ ייד
איז אַנדערש ווי אַ גוי. אויב נישט די אַנדערשקייט — איז „הללו
עובדי עבודה זרה, והללו עובדי עבודה זרה", איז נאָך וואָס
גאולה, נאָך וואָס ארץ־ישראל? ארץ־ישראל איז נאָר ווייל עס
איז אַנדערש פון מצרים, און אירע איינוווינער, יידן, זיינען
אַנדערש פון די מצרים; אויב נישט די אַנדערשקייט — איז
ארץ־ישראל „פּאַלעסטינע"...



פסח ביינאַכט פרעגן די קינדער, אָדער מען לערנט זיי פרעגן:
„את פתח לו": מה נשתנה, וואָס איז דער שוני, די אַנדערשקייט,
אין וואָס באַשטייט די אַנדערשקייט פון יידישקייט — ענטפערט
מען: די אַנדערשקייט באַשטייט, ווי אַזוי מען עסט, וואָס מען
עסט, ווי אַזוי מען שלאָפט א. אַ. וו. דער ענטפער איז: שבכל
הלילות א. אַ. וו. און דער המשך איז — פאַרוואָס איז דער
„נשתנה", ווייל „עבדים היינו לפרעה במצרים", נאָר „ויוציאני

ד׳ אלוקינו משם ביד חזקה״. דער רבונו של עולם האָט געזאָגט, אַז פּרעה זאָל זיך פירן מיט אונז „ביד חזקה״, און נישט לאָזן אונז זיין קיין מצרים, און דעריבער אויך היינט איז מצווה עלינו לספר ביציאת מצרים, כדי צו געדענקען, אַז ארץ־ישראל איז נישט בלויז אַ מקלט בטוח, נאָר גאולה, גאולה פון נכריות, פון פרעמדקייט...

מעשה אבות סימן לבנים.

